נ. וו. גאָגאָל

# די חתנים

קאָמעדיע אין 2 אַקטן

יידיש: אַברהם זאַק

פ אַ ר לאַ ג „ד י צ ײ ט"
וו אַ ר ש ע
1922

## פּערזאָנען:

**אַגאַטאַ טיִכאָנאָוונאַ,** אַ סוחרישע טאָכטער, אַ כּלה-מיידל

**אַריִנאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ,** איר מומע

**טעקלאַ איִוואַנאָוונאַ,** אַ שדכנטע

**פּאָדקאָלעסיִן,** הויף-ראַט

**קאָטשקאַרעוו,** זיין פריינט

**יאַיִטשניִצאַ,** אַן עקזעקוטאָר

**אַנוטשקיִן,** אַ דימיסיאָנירטער פּיעכאָטע-אָפיציר

**זשעוואַקיִן,** אַ דימיסיאָנירטער פלאָט-אָפיציר

**דוניאַשקאַ,** אַ שטוב-מיידל

**סטאַריִקאָוו,** אַ קרעמער

**סטעפּאַן,** פּאָדקאָלעסינס דינער

# ערשטער אקט.

## ערשטעס בּילד.

א בחוריש צימער.

### ערשטע סצענע.

**פאָדקאָלעסין**

אײנער אַלײן, ליגט אויפן דיוואַן, רויכערט א ליולקע

אָט אַז דו גיסט אַמאָל אַלײן אַ טראַכט, דאַמאָלס זעסטו, אַ סוף־כּל־סוף מוז מען חתונה האָבן. וואָרום ווי איז אין דער אמתן? לעבסט, לעבסט און נאָך אַלעמען בלײבט אַ נישט־גוטקײט. אָט רוקט זיך שוין „פאָסט" און ווידער פאַרשלאָפן דעם חתונה־סעזאָן. און, דוכט, אַלץ איז דאָך שוין פאַרטיק, און די שדכנטע גײט שוין דרײ חדשים. ס'ליגט שוין באמת מיר אַלײן די זאַך אויפן געוויסן. עי, סטעפּאַן!

### צווײטע סצענע.

פּאָדקאָלעסין, סטעפּאַן.

**פאָדקאָלעסין**

איז די שדכנטע נישט געקומען?

ס ט ע פ אַ ן
נישט געקומען.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן
און ביים שניידער ביסטו געווען?

ס ט ע פ אַ ן
געווען.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן
נו, ער נייט דעם פראַק?

ס ט ע פ אַ ן
ער נייט.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן
האָט ער שוין אַ סך פאַרפערטיקט?

ס ט ע פ אַ ן
שוין אַ סך. האָט שוין אָנגעהייבן די לעכלעך אויסנייען.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן
וואָס זאָגסטו?

ס ט ע פ אַ ן
איך זאָג, אַז ער האָט שוין אָנגעהייבן די לעכלעך אויס-
נייען.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן
האָט ער נישט געפרעגט: צו וואָס אַ שטייגער דאַרף דער
הער האָבן אַ פראַק?

ס ט ע פ אַ ן
ניין, ער האָט נישט געפרעגט.

פּאָדקאָלעסין
קאָן זיין, אַז ער האָט געזאָגט: „צי וויל נישט אַמאָל דער הער חתונה האָבן?"

סטעפּאַן
ניין, ער האָט גאָרנישט געזאָגט.

פּאָדקאָלעסין
דו האָסט פונדעסטוועגן געזען נאָך אַנדערע פראַקן? ער נייט דאָך אויך פאַר אַנדערע.

סטעפּאַן
יאָ, פראַקן הענגען ביי אים אַ סך.

פּאָדקאָלעסין
פונדעסטוועגן, דאָס טוך פון יענע פראַקן מוז אוודאי זיין ערגער פון מיינעם.

סטעפּאַן
יאָ, דאָס טוך, וואָס אויף אייערן, וועט זיין אַ סך שענער

פּאָדקאָלעסין
וואָס זאָגסטו?

סטעפּאַן
איך זאָג, דאָס טוך, וואָס אויף אייערן, וועט זיין אַ סך שענער.

פּאָדקאָלעסין
גוט, האָט ער נישט געפרעגט: „צו וואָס אַ שטייגער נייט דער הער פון אַזאַ פיינעם טוך אַ פראַק?"

סטעפּאַן
ניין.

פּאָדקאָלעסין

האָט ער נישט גערעדט וועגן דעם, צי וויל ער נישט אַמאָל חתונה האָבן?

סטעפּאַן

ניין, וועגן דעם האָט ער נישט גערעדט.

פּאָדקאָלעסין

דו האָסט פונדעסטוועגן געזאָגט, וואָס איך האָב פאַר אַ ראַנג און ווו איך דין?

סטעפּאַן

דערציילט.

פּאָדקאָלעסין

וואָס זשע זאָגט ער אויף דעם?

סטעפּאַן

ער זאָגט: „כ'וועל זיך באַמיען".

פּאָדקאָלעסין

גוט. איצטער גיי. סטעפּאַן אָפּ

## דריטע סצענע.

פּאָדקאָלעסין

אליין

איך בין דער מיינונג, אַז אַ שוואַרצער פראַק איז עפּעס סאָלידער. קאָלירטע פּאַסן מער פאַר סעקרעטאַרן, טיטולירטע און פאַר שור-בור — ס'איז עפּעס צו יינגלש. יענע, וואָס זיינען פון אַ העכערן ראַנג, דאַרפן מער אַכטונג געבן אויף... ווי מ'זאָגט... הממ.... אַך פאַר-

געסן דאָס וואָרט! אַ טייער וואָרט און פֿאַרגעסן. יאָ, ברודער, ווי דו זאָלסט זיך נישט שוין דרייען, איז אַ הויף־ראַט פּונקט דערזעלבער פּאָלקאָווניק, בלויז וואָס דער מונדיר איז אָן עפּאָלעטן. עי, סטעפּאַן!

## פערטע סצענע.

### פּאָדקאָלעסין, סטעפּאַן.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

שו־וואַקס האָסטו געקויפט?

ס ט ע פּ אַ ן

געקויפט.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

וווּ האָסטו געקויפט? אין יענעם געוועלבל דאָרט, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, אויף וואָזנעסענסקי פּראָספּעקט?

ס ט ע פּ אַ ן

יאָ, אין יענעם.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

נו, גוטער שו־וואַקס?

ס ט ע פּ אַ ן

גוטער.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

האָסט געפּרוווט דערמיט פּוצן די שטיוול?

ס ט ע פּ אַ ן

געפּרוווט.

פּאָדקאָלעסין

נו, עס גלאַנצט?

סטעפּאַן

גלאַנצן גלאַנצט עס גוט.

פּאָדקאָלעסין

און בעת ער האָט דיר דערלאַנגט דעם שו־וואַקס, האָט ער דיך נישט געפּרעגט צו וואָס, אַ שטייגער, דאַרף דער הער האָבן אַזאַ וואַקס?

סטעפּאַן

ניין.

פּאָדקאָלעסין

אפשר האָט ער געפּרעגט: „צי קלייבט זיך נישט אַמאָל דער הער חתונה האָבן?"

סטעפּאַן

ניין, ער האָט גאָרנישט גערעדט.

פּאָדקאָלעסין

נו, גוט, קענסט גיין.

## פינפטע סצענע

פּאָדקאָלעסין

אליין

דוכט אַ נאַרישקייט — שטיוול, און פונדעסטוועגן אויב נאָר זיי זיינען שלעכט געניית און דערצו נאָך רויטער שו־וואַקס, וועט מען שוין אין אַ פיינער געזעלשאַפט פון דיר קנאַפּ־וואָס האַלטן. אַלץ איז עפּעס נישט גלאַטיק. ווי מיאוס איז, אַז מען האָט נאָך הינער־אויגן. כ׳בין

גרייט צו פֿאַרטראָגן גאָט ווייס וואָס, נאָר ניִשט קיין הינער-אויגן. עי, סטעפֿאַן!

## זעקסטע סצענע.

פּאָדקאָלעסין, סטעפֿאַן

סטעפֿאַן

וואָס פֿאַרלאַנגט איִר?

פּאָדקאָלעסין

האָסט געזאָגט דעם שוסטער, עס זאָלן ניִשט זיין קיין היִנער-אויגן?

סטעפֿאַן

געזאָגט.

פּאָדקאָלעסין

וואָס זשע זאָגט ער?

סטעפֿאַן

ער זאָגט: „גוט". סטעפֿאַן אָפּ

## זיִבעטע סצענע.

פּאָדקאָלעסין נאָכדעם סטעפֿאַן.

פּאָדקאָלעסין

ס'איִז, צום טייוול, אַ קלאָפּאָט-זאַך, דאָס התונה האָבן! דאָ דאָס, דאָ יענץ. וואָלט עס שוין ווי עס איז געווען גלאַטיק. ניין, צום טייוול, ס'איִז ניִשט אַזוי לייכט, ווי

מ׳זאָגט. עי סטעפאַן! סטעפאן קומט אריין כ׳האָב דיר נאָך געוואָלט זאָגן...

**סטעפאַן**

די אַלטע איז געקומען.

**פּאָדקאָלעסין**

אַ, געקומען, רוף זי אַהער. סטעפאן אָפּ יאָ, דאָס איז אַ זאַך... אַ זאַך... נישט אַבי־ווי... אַ שווערע זאַך.

## אכטע סצענע.

### פּאָדקאָלעסין און טעקלאַ.

**פּאָדקאָלעסין**

אַ גוטער מאָרגן, טעקלאַ איוואַנאָוונאַ. נו, וואָס, ווי? נעם אַ שטול, זעץ זיך אַנידער און דערצייל. נו, ווי זשע, ווי? ווי הייסט זי דאָרט: מעלאַניאַ...

**טעקלאַ**

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ.

**פּאָדקאָלעסין**

יאָ, יאָ, אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ. און אוודאי אַ 40־יעריקע בתולה?

**טעקלאַ**

עך, דאָס אוודאי נישט; ס׳הייסט איר וועט חתונה האָבן, וועט איר אַלע טאָג ליבן און דאַנקען.

**פּאָדקאָלעסין**

דו לייגסט, טעקלאַ איוואַנאָוונאַ.

**ט ע ק ל אַ**

כ׳בין שוין צו אַלט, איך זאָל ליגן זאָגן. אַ הונט לייגט.

**פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן**

און מכּה נדן... נדן?.. דערצייל זשע פֿון ס׳ניי.

**ט ע ק ל אַ**

און נדן: אַ מויער אין מאָסקווער טייל, אַ צוויי־שטאָקיקער, טראָגט פֿיל הכנסה, אַן אמתע שפּע: איין קרעמער צאָלט 700 פֿאַר אַ געוועלבל. היינט אַ ביר־קעלער צינט אויך צו אַ גרויסן עולם; דערצו צוויי הילצערנע פֿליגל — איין פֿליגל איז אינגאַנצן פֿון האָלץ, דער צווייטער אויף אַ שטיינערנעם פֿונדאַמענט, יעדער באַזונדער ברייגנט אַ 400 קאַרבן הכנסה. ס׳איז נאָך אויך פֿאַראַן אַ גאָרטן אין וויבאָרגער טייל. מיט דריי יאָר צוריק האָט עס אַ סוחר געדונגען אויף קרויט און אַ סוחר דווקא אַ ניכטער, נעמט גאָר קיינמאָל נישט קיין ביטערן טראָפּן אין מויל אַריין, און ער האָט נאָך דערצו דריי זין, דער סוחר, צוויי האָט ער שוין חתונה געמאַכט, און דער דריטער, זאָגט ער, איז נאָך יונג, זאָל ער נאָך זיצן אין קראָם, כּדי עס זאָל זיין גרינגער צו פֿירן דעם האַנדל; איך, זאָגט ער, בין שוין אַלט, טאָ זאָל דער זון זיצן אין קראָם, כּדי עס זאָל זיין גרינגער צו פֿירן דעם האַנדל.

**פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן**

יאָ, און ווי איז זי אַליין?

**ט ע ק ל אַ**

ווי ראַפֿינאַד! אַ ווייסינקע, אַ פֿאַרביקע — בלוט און מילך... אַזאַ זיסקייט, וואָס מען קאָן עס גאָרנישט אַרויסגעבן. איר וועט זיין צופֿרידן אָט ביז דאנען... אָנהייזנדיק אויפֿן האַלז ס׳הייסט, אי פֿאַר אַ פֿריינט, אי פֿאַר אַ פֿיינט

װעט איר זאָגן: „אָ װי בין איך דאַנקבאַר דער טעקלאַ איװאַנאָװנאַ!"

**פּאָדקאָלעסין**

אָבער זי איז דאָך פּונדעסטװעגן נישט קײן שטאַבס־אָפּיצערשע?

**טעקלא**

אַ טאָכטער פֿון אַ סוחר דריטער גילדע, און אַזעלכע, װאָס אַפֿילו אַ גענעראַל װאָלט זיך מיט איר נישט געקאָנט פֿאַר־שעמען. װעגן אַ סוחר װיל זי גאָרנישט הערן. „איך, זאָגט זי, דאַרף האָבן אַ מאַן דװקא אַ דװאָריאַנין, מעג ער אַפֿילו זײַן נישט אזאַ שײנער". הײנט איר שיק! אַז זי טוט זיך זונטיק אָן אין זײַדנס, רױשט עס — אַ פֿאַרגעניגן. אַן אמתע פֿירשטין.

**פּאָדקאָלעסין**

איך פֿרעג דיך דאָס דערפֿאַר, װײל איך אַלײן בין הױף־ראַט, איז מיר די זאַך... פֿאַרשטײסטו?

**טעקלאַ**

נו יאָ, ס'איז גאַנץ פּשוט, פֿאַרװאָס זאָל איך נישט פֿאַר־שטײן? ס'איז בײ אונז אױך געװען אַ הױף־ראַט, אָבער מען האָט אים אָפּגעזאָגט, נישט געפֿעלן געװאָרן, אַ מאָדנע טבע האָט ער געהאַט. װאָס פֿאַר אַ װאָרט ער זאָל נישט זאָגן, איז עס ליגן. און פֿון אָנבליק איז ער געװען זײער אָנגעװען. װאָס קאָן מען טאָן. אַזױ האָט אים שױן גאָט באַשערט. ער װאָלט עס שױן אַלײן נישט גערן געװען, אָבער ער קאָן נישט אױסקומען אָן ליגן: ס'איז שױן בײ אים אַ גאָט־זאַך.

פּאָדקאָלעסין

נו, און אַ חוץ דער דאָזיקער איז שוין קיין אַנדערע נישטאָ?

טעקלאַ

וועלכע דאַרפסטו נאָך? קיין בעסערע ווי די איז שוין נישטאָ.

פּאָדקאָלעסין

כלומרשט די סאַמע בעסטע?

טעקלאַ

מעגסט אפילו גיין איבער דער גאַנצער וועלט, וועסטו אַזאַ נישט געפינען.

פּאָדקאָלעסין

מיר וועלן אַ טראַכט טאָן, מומעניו... קום אָקאָרשט אַריין איבערמאָרגן, מיר וועלן, פאַרשטייסטו מיך, אויף ס'ניי אָט אַזוי... פונקט ווי היינט... איך וועל מיר ליגן און דו וועסט דערציילן...

טעקלאַ

אָבער זיי מוחל. שוין דעם דריטן חודש, ווי איך גיי צו דיר און קיין ברעקל תּכלית איז נאָך נישט אַרויסגעקומען: זיצט אַלץ אין כאַלאַט און פּיפּקעט זיך די ליולקע.

פּאָדקאָלעסין

און דו מיינסט זיך, אפנים, אַז חתונה האָבן איז אַלץ-איינס ווי אַ שטייגער: — „עי סטעפּאַן, דערלאַנג נאָר די שטיוול!" אָנגעטאָן אויף די פיס און אַוועק? מען דאַרף אַרומקלערן, אַרומקוקן.

טעקלאַ

נו מילא, אויב קוקן, טאָ קוק. אויף דעם איז עס דאָך סחורה, כדי צו קוקן. אָט הייס זיך דערלאַנגען דעם בגד. איצט איז דאָך אַ ווילער פּריִמאָרגן, נעם טו אַ פּאָר.

פּאָדקאָלעסין

איצט? זעסט דאָרט ווי פּאַרוואָלקנט עס איז. כ׳וועל אַרויספאָרן און אין מיטן וועט כאַפּן אַ רעגן.

טעקלאַ

איז פאַר דיר ערגער! ביי דיר אויפן קאָפּ ווייזט זיך דאָך שוין גרויע האָר. אינגיכן וועסטו אינגאַנצן שוין נישט טויגן פאַר אַ מאַן. נישט געזען גאָר קיין הויף-ראַט! נישקשה, מיר וועלן נאָך געפינען אַזעלכע חתנים, אַז מיר וועלן אויף דיר נישט וועלן אַ קוק טאָן.

פּאָדקאָלעסין

וואָס פּלוידערסטו. וואָס איז דיר פּלוצלונג איינגעפאַלן צו זאָגן, אַז כ׳האָב שוין גרויע האָר? ווו איז דיר גרויע האָר? טאַפּט זיך די האָר

טעקלאַ

ווי קאָן עס נישט זיין קיין גרויע האָר. אויף דעם לעבט דאָך דער מענטש. וואַרט, וואַרט. די געפעלט אים נישט, יענע שמעקט אים נישט. האָב איך אויפן אויג אַ קאַפּי-טאַן, דערגרייכסטו אים נישט אפילו ביז צום אַקסל. ריידן רעדט ער ווי אַ טרומייט אין פּלאָט דינט ער.

פּאָדקאָלעסין

דו לייגסט. איך וועל אַ קוק טאָן אין שפּיגל. ווו האָט זיך דיר געחלומט גרויע האָר? עי סטעפּאַן, ברענג אַריין

דעם שפּיגל! אָדער ניין, שטיי, איך וועל אַליין גיין. אַ שיינער עסק, גאָט זאָל אויסהיטן. דאָס איז נאָך ער־גער פון פּאָקן. אָפּ אין אַנדער צימער

## ניינטע סצענע.

טעקלאַ און קאַטשקאַרעוו אריינלויפנדיק

קאָטשקאַרעוו

נו, פּאָדקאָלעסין?...‏ דער־זעענדיק טעקלען דו ביסט דאָ גאָר? עך דו!... הער נאָר דו, צו וואָסער טייוול האָסטו מיך חתונה געמאכט?

טעקלאַ

וואָס פאַר אַ בייז? האָסט דערפּילט אַ דינ.

קאָטשקאַרעוו

אַ דין דערפילט! ס'אַראַ מציאה—אַ ווייב! אָן איר האָב איך זיך דען נישט געקאָנט באַגיין?

טעקלאַ

דו ביסט דאָך אַליין צו מיר צוגעשטאַנען: מאַך מיך, באָבעניו, חתונה; מאַך מיך חתונה!

קאָטשקאַרעוו

עך דו אַלטע תּפילה!... נו, און וואָס טוסטו דאָ? צי דען וויל פּאָדקאָלעסין?...

טעקלאַ

וואָס אי', גאָט האָט געשיקט אַ מזל־ברכה.

קאָטשקאַרעוו

אַזוי גאָר? עך ס'אַראַ חברה־מאַן, ער האָט דאָך מיר קיין ווערט וועגן דעם נישט געזאָגט? וואָס ער איז! אַ סוד־זאַך גאָר? אַ?

## צענטע סצענע.

**דיוזעלבע. פּאָדקאָלעסין** מיט אַ שפּיגל אין האַנט, אין וועלכן ער קוקט אַריין זייער אויפמערקזאַם.

**קאָטשקאַרעוו**

אונטערגנבענדיק זיך פון הינטן, שרעקט אים איבער

פוּף!

**פּאָדקאָלעסין**

אַ געשריי טועגדיק און איינלאָזנדיק דעם שפּיגל

משוגענער! נו, נאָך וואָס... נאָך וואָס... וואָס פּאַסטן די שטותעריי׳ען! האָסט מיך באמת אַזוי איבערגעשראָקן, אַז די נשמה איז מיר שיר נישט אַרויסגעפלויגן.

**קאָטשקאַרעוו**

נו, בלאָטע, כ׳האָב אַ שפּאַס געמאַכט.

**פּאָדקאָלעסין**

וואָס פאַר אַ שפּאַס האָסטו אויסגעקלערט! ביז איצט קאָן איך נאָך צו זיך נישט קומען פון שרעק. און דער שפּיגל איז צושמעטערט געוואָרן; ט׳איז דאָך נישט קיין געשענקטע זאַך. אין ענגלישן מאַגאַזין איז עס געקויפט געוואָרן.

**קאָטשקאַרעוו**

נו, גענוג שוין; כ׳וועל דיר אויסזוכן אַן אַנדער שפּיגל.

**פּאָדקאָלעסין**

יאָ, וועסט אויסזוכן. כ׳קען זיי, די אַנדערע שפּיגלען: מיט אַ גאַנצן צענדליק וויזן זיי עלטער, און די צורה קומט אַרויס אויסגעקרימט.

**קאָטשקאַרעוו**

הער נאָר אָקאָרשט, איך וואָלט געדאַרפט אויף דיר מער בייז זיין: פון מיר, פון דיין בעסטן פריינט, פאַרבאָרגסטו

צאָלכדינג. דו גייסט דאָך חתונה האָבן.

**פאָדקאָלעסין**

אַ שיינע נאַרישקייט. כ'האָב עס גאָרנישט געקלערט.

**קאָטשקאַרעוו**

אָט האָסטו דיר אַן אמתן באַווייז הייזט אויף טעקלען אָט שטייט דאָך דער באַקאַנטער פויגל. נו, מילא, קיין בייז נישט, ס'שאַדט נישט. ס'שטעקט נישט אין דעם קיין סכנה. דער ענין איז אַ קריסטלעכער און ס'איז אפילו נויטיק פאַרן פאָטערלאַנד; מעגסט עס טאָן, איך נעם אויף זיך. צו טעקלען נו, דערציילט: ווי, וואָס און אַזוי ווייטער: איז זי אַ דוואָריאַנקע? אַ באַאַמטין, צי גאָר פון סוהרטום, און ווי הייכט זי?

**טעקלאַ**

אַגאַטאַ טיכאָנאָוואַ.

**קאָטשקאַרעוו**

אַגאַטאַ טיכאָנאָוואַ בראַנדאַכליסטאָוואַ?

**טעקלאַ**

ס'הייבט זיך נישט אָן—קופערדיאַגינאַ.

**קאָטשקאַרעוו**

ווינט זי נישט אַמאָל אין דעם זעקס=קרעמלדיקן=געסיל?

**טעקלאַ**

ס'הייבט זיך נישט אָן; ס'איז נענטער צו פעסקי, אין מילני=געסל.

**קאָטשקאַרעוו**

נו, יאָ, אין מילני=געסל, באַלד נאָכן געוועלבל—אַ הילצערן הויז?

**טעקלאַ**

נישט נאָכן געוועלבל, נאָר נאָכן ביר=קעלער.

**קאָטשקאַרעוו**

ווי קומט עס נאָכן ביר=קעלער, אָט דאָ פאַרשטיי איך

נישט.

טעקלאַ

פאַרשטייסטו, אַז דו דרייסט זיך אַריין אין פּראָוואָלאָק, ווייסטו גלייך האָבן אַ בײדל; און אַז דו מיידסט דאָס ביידל, קער זיך לינקס, האָסטו עס פאַרן סאַמע נאָז, ס'הייסט, טאַקי אונטערן נאָז, האָסטו אַ הילצערן הויז, וווּ עס וווינט אַ נייטאָרין, וועלכע האָט פריער געלעבט מיטן אויבער-סעקלעכטאַר פון סענאַט. צו דער דאָזיקער נייטאָרין גיי נישט אַריין, נאָר באַלד נאָך איר וועט זיין אַ צווייט הויז, אַ מויער, און אָט דאָס דאָזיקע הויז איז אירס, אין וועלכן, ס'הייסט, זי וווינט, די אַגאַטאַ טיכאָנאָוואַ, די כּלה.

קאָטשקאַרעוו

גוט, גוט; איצט וועל איך אַלץ ערליידיקן; און דו נעם דעם דרך—דיך דאַרף מען דאָ מער נישט.

טעקלאַ

וואָס אַזוינס? צי דען ווילסטו אַליין אויספירן אַ שידוך?

קאָטשקאַרעוו

אַליין, אַליין; דו מיש זיך נאָר נישט אַריין.

טעקלאַ

דו אָן-חרפּהניק איינער! דאָס איז דאָך נישט קיין עסק פאַר אַ מאַנסביל. פאַרדריי זיך נישט קיין ספּאָדיק.

קאָטשקאַרעוו

גיי, גיי זיך! הייבסט נישט אָן צו פאַרשטיין. מיש זיך נישט. קריך נישט, וווּ מ'רופט דיך נישט. טראָג זיך פון דאַנען!

טעקלאַ

ווי קענסטו עס ביי מענטשן דאָס ברויט צונעמען, האַר-טער מענטש דו! אין אַזאַ בלאָטע האָט ער זיך אַריינגע-מישט. ווען איך וויס, וואָלט איך דאָך אַ וואָרט נישט

# עלפטע סצענע.

## פּאָדקאָלעסין און קאָטשקאַרעוו.

**קאָטשקאַרעוו**

נו, ברודער, דעמדאָזיקן עסק טאָר מען ניִשט אָפּלייגן — לאָמיר פאָרן.

**פּאָדקאָלעסין**

אָבער איך ווייס נאָך אַליין ניִשט. כ'האָב סתם געקלערט...

**קאָטשקאַרעוו**

נאַריִשקייטן, נאַריִשקייטן! נאָר קרעמפּיר זיך ניִשט: כ'וועל דיך אַזוי חתונה מאַכן, אַז דו וועסט אפילו ניִשט הערן. די רגע פאָרן מיר צו דער כּלה און דו וועסט זען ווי שנעל עס וועט ווערן.

**פּאָדקאָלעסין**

וואָס נאָך! גלייך גיין פאָרן?

**קאָטשקאַרעוו**

פאַרוואָס זשע, טייערער, פאַרוואָס זשע ניִשט?... נעם טו אַליין אַ קוק: וואָס קומט שוין אַרויס פון דעם, וואָס דו ביִסט ניִשט קיין באַווייבטער? טו אַ קוק אויף דיין ציִמער: נו, וואָס איִז איִן איִם פאַראַן? דאָרט שטייט אַ ניִשט-געפּוצטער שטיוול, דאָרט אַ וואַש-שיסל, דאָ אַ גאַנצע קופּע טאַבאַק אויפן טיש, און דו אַליין אָט ליִגסטו, ווי אַ פוילע קאַץ גאַנצענע טעג אויפן אויוון.

**פּאָדקאָלעסין**

דאָס איִז אמת. קיין אָרדנונג, ווייס איך אַליין, איִז ביי מיר ניִשטאָ.

**קאָטשקאַרעוו**

נו, און אַז דו וועסט האָבן אַ ווייב, וועסטו פּשוט זיך

אַליין און קיין זאַך נישט דערקענען: דאָ וועט בײַ דיר שטיין אַ דיוואַן, אַ הינטל, אַ וועלכער עס איז פויגל אין אַ שטייגל, האַנט־העפטערײַ... און שטעל זיך פאָר, דו זיצסט אויפן דיוואַן—און פּלוצלונג זעצט זיך נעבן דיר צו אַ ווייבעלע, אַזאַ ווויליִנקע, און מיטן הענטל וועט זי דיך...

**פּאָדקאָלעסין**

צו אַלדי רוחות, אַז דו טוסט טאַקי אַ קלער וואָסערע הענטלעך זיינען אין דער אמתן פאַראַן; ברודער, ווייסינקע ווי מילך.

**קאָטשקאַרעוו**

און דאָס גאָר? דאָס גאַנצע, מיינסטו, זיינען נאָר די הענטלעך?... זיי פאַרמעגן, ברודער... נאָר וואָס איז פאַראַן צו ריידן: דער רוח ווייסט, וואָס פאַרמעגען זיי, ברודער, נישט.

**פּאָדקאָלעסין**

אויסזאָגן דיר דעם אמת, איך האָב טאַקי ליב, אַז עס זיצט נעבן מיר אַ שיינינקע.

**קאָטשקאַרעוו**

נו, זעסטו, האָסט עס אַליין פאַרשטאַנען. איצט דאַרף מען זיך נאָר נעמען צו דער אַרבעט. דו זאָרג שוין נישט וועגן קיין זאַך. דאָס התונה־מאָלצייט און דאָס איבעריקע—דאָס אַלץ וועל איך שוין אַליין... ווייניקער ווי אַ טוץ שאַמפּאַניער, ברודער, קאָן גאָר נישט זיין. ס׳וועט נישט העלפן. מאַדעראַ מוז מען אויך האָבן אומבאַדינגט אַ האַלבע טוץ פלעשער. די כלה מוז אוודאי האָבן אַ גאַנצע קופּע מומעס מיט פּלערלײַ נאָבטאַגצערקעס—די דאָזיקע האָבן פיינט חכמות. און ריינוויין—כאַפּט עס דער וואַטנמאַכער, נישט אמת? אַז און וואָס אָנבאַלאַנגט דעם מיטאָג—האָב איך, ברודער, אויפן אויג

אַן הויף־אָפיציאַנט: וועט ער, כּלב, געבן אַזוי אָנ־
צופרעסן זיך, אַז דו וועסט פּראָסט נישט אויפשטיין.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

הער נאָר, דו נעמסט זיך צו דעם אַזוי הייס, גלייך
ווי די חתונה דאַרף שוין אין דער אמתן זיין.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע וו

פאַרוואָס זשע נישט? נאָך וואָס אָפּלייגן? דו ביסט דאָך
מרוצה?

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

איך? נו, ניין... איך בין גאָך נישט אינגאַנצן מרוצה.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע וו

נאַ דיר גאָר! האָסט דאָך נאָר־וואָס דערקלערט, אַז דו
ווילסט.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

איך האָב נאָר געזאָגט, אַז עס וואָלט נישט שלעכט
געווען.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע וו

ווי? וואָס־זשע רעדסטו? מיר האָבן דאָך שוין די גאַנצע
זאַך געהאַט... וואָס ווידער? צי דען געפעלט דיר נישט
אַ באַווייבט לעבן, צי וואָס?

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

ניין, מיר געפעלט.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע וו

נו, איז וואָס? פאַרוואָס האַלטסטו זיך אָפּ?

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

איך האַלט זיך גאָר נישט אָפּ. ס'איז אָבער משונהדיק.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע וו

וואָס איז דאָ משונהדיק?

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

ווי איז עס נישט משונהדיק? געווען כּסדר אַ נישט־

באַווייבטער, און איצט פלוצלונג האָב חתונה.

**קאָטשקאַרעוו**

נו, נו... איז דיר נישט קיין חרפה און קיין שאַנד. ניין, איך זע, אַז מיט דיר דאַרף מען ריידן ערנסט: איך וועל זאָגן אָפּנהאַרציק ווי אַ פאָטער צו אַ זון. נו, זע, טו אַ בליק אויף זיך אויפמערקזאַם, אָט אַזוי, אַ שטייגער, ווי דו קוקסט אויף מיר. נו, וואָס ביסטו איצט אַזעלכעס? פראָסט, אַ שטיק האָלץ דאָך. קיין שום באַטייטונג האָסטו נישט. און צו וואָס לעבסטו? נו, גיב אַ קוק אין שפיגל—וואָס זעסטו דאָרט? אַ נאַריש פנים, מער גאָרנישט. און דאָ, שטעל זיך פאָר, וועלן זיין נעבן דיר קינדערלעך, און מאַקי נישט צוויי צי דריי, נאָר, קאָן זיין, אַ גאַנצע האַלבע טוץ, און אַלע וועלן זיין געראָטן אין דיר ווי צוויי טראָפּן וואַסער. דו ביסט איצט אַליין, אַ הויף־ראַט, אַן עקספּעדיטאָר, צי עפּעס דאָרט אַן עלטסטער, גאָט ווייסט דיך וואָס; און דאַן שטעל זיך פאָר, וועלן זיך דרייען אַרום דיר עקספּעדי־טאָרלעך, אַזעלכע קליינינקע ווייסע־חברהניקעס, און עפּעס אַ קליינער בעבוזיקל, אויסציענדיק די הענטלעך, וועט דיך צופּן פאַר די באַקנבאַרדן, און דו וועסט אים נאָר מאַכן הינטיש: „האַוו, האַוו, האַוו!“ נו, איז דען פאַראַן עטוואָס בעסערס פון דעם, זאָג אַליין?

**פּאָדקאָלעסין**

זיי זיינען דאָך אָבער גרויסע שטיפערס: זיי וועלן אַלץ קאַליע מאַכן, צעוואַרפן די פּאַפּירן.

**קאָטשקאַרעוו**

זאָלן זיי שטיפן, זיי זיינען דאָך אַלע אין דיר געראָטן. דאָ שטעקט דאָך די קונץ.

**פּאָדקאָלעסין**

יאָ, ס'איז טאַקי אין דער אמתן לעבערלעך, כאַפּט עס

דער רוח; אָט אַזאַ מיַן פּיַצל, אַזאַ הינטל—און שוין איז עס איַן דיר געראָטן.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע װ

װאָס הייסט נישט לעכערלעך,—געװיַס איז עס לעכערלעך. נו, לאָמיר פאָרן.

פ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

גוט, לאָמיַר פאָרן.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע װ

עי סטעפּאַן! דערלאַנג שנעלער דיין הער צום אָנטאָן זיך.

פ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

אָנטוּענדיַק זיך פאַרן שפּיגל.

איַך מיין פונדעסטװעגן, אַז מען דאַרף אין װייסן זשילעט.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע װ

נאַריַשקייטן! אַלצאיינס.

פ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

אָנטוּענדיַק דעם קאָלנער

פארפלוכטע װעשיַן. אַזוי מאוס אָנגעקראָכמאַלעװעט די קאָלנערס. װילן בשום אופן נישט שטיין. דו זאָז איר, סטעפּאַן, אַז װען זי װעט, די בהמה, אַזוי פּרעסן די װעש, װעל איַך דיַנגען אַ צװייטע. זי מוז מסתמא פאַרברייַנגען די צייט מיַט ליַבהאָבערס, איידער צו פּרעסן.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע װ

שנעלער, ברודער, שנעלער! װי דו גריבלסט זיך!

פ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

באַלד, באַלד. טוט אָן דעם פראַק און זעצט זיך אַנידער הער נאָר, איַליאַ פאָמיטש. װייסטו װאָס? פאָר נאָר דו אַליין.

קאָטשקאַרעו

וואָס נאָך? ביסט דען פון זינען אַראָפּ? איך זאָל פאָרן?
ווער פון אונז האָט חתונה: דו, אָדער איך?

פּאָדקאָלעסין

עס ווילט זיך עפּיס נישט; בעסער מאָרגן.

קאָטשקאַרעוו

נו, פאַרמאָגסטו אין זיך אַ טראָפּן שכל? ביסטו נישט קיין שוטה? האָט זיך מיט אַלעם אויסגעקליבן—און פּלוצלונג מען דאַרף נישט! נו, זאָג אַליין, איך בעט דיך, ביסטו נישט קיין דבר־אחר? ביסטו נישט קיין מנוול נאָך אַלעם דעם?

פּאָדקאָלעסין

וואָס זידלסטו זיך? פאַרוואָס, פאַרוועגן? וואָס האָב איך דיר אַזוינס געטאָן?

קאָטשקאַרעוו

שוטה, שוטה בן פיקהאָלץ! דאָס וועט דיר יעדער זאָגן. נאַריש, פשוט נאַריש, כאָטש אַן עקספּעדיטאָר. וואָרום וועגן וואָס בין איך זיך אַזוי מתעסק? צוליב דיין טובה וועגן. מ׳וועט דאָך דאָס ביסן פון מויל אַרויסכאַפּן. ער ליגט זיך, דער פאַרשאָלטענער בחור! נו זאָג אַליין, איך בעט דיך, וואָס פאַר אַ פּנים האָסטו? אַ שלים־מזל, אַ לעקיש, כ׳וואָלט געזאָגט אַזאַ וואָרט... ס׳איז אָבער נישט אָנשטענדיק. אַ „באַבעצע״, נאָך ערגער פון אַ „באַבעצע״!

פּאָדקאָלעסין

אַ שיינער חכם, כ׳לעבן! שטיל ביסט חסר דעה? דאָ שטייט אַ דינער, און ער זידלט זיך פאַר אים אין די אויגן און נאָך מיט ווערלכע ווערטער; ער האָט קיין אַנדער אָרט נישט געפונען!

קאָטשקאַרעוו

ווי קאָן מען זיך נישט זידלען, זאָג מיר, איך בעט דיך?

זעער קאָן, דיִך ניִשט זיִדלען? ווער וועט ביי זיִך פועלן
דיִך ניִשט צו זידלען? ווי אַ לייטיִשער מענטש האָסטו
זיך אַנטשלאָסן חתונה צו האָבן, געפאָלגט וואָס דער
שכל הישר זאָגט און מיט אַמאָל—דער מח האָט זיך איִם
פאַרדרייט, מיִט סם-קרייטעכצער זיך אָנגעפרעסן, היל-
צערנער קאָפּ!

פּאָדקאָלעסיִן

נו, גענוג שוין, איִך פאָר—וואָס האָסטו זיִך צושריען?

קאָטשקאַרעוו

איך פאָר! געוויִס, וואָס קאָן מען אַנדערש טאָן אויב
נישט פאָרן! צו סטעפאַנען דערלאַנג איִם דעם הוט און דעם
שינעל.

פּאָדקאָלעסיִן

(אין זיך)

ס'אַראַ מאָדנער מענטש דאָס איִז. מיִט איִם טאָר מען
נישט האָבן צו טאָן: פלוצלונג קאָן ער פון העלער הויט
אויסזיִדלען. ער פאַרשטייט קיין שום באַנעמונג ניִשט.

קאָטשקאַרעוו

נו, געענדיִקט, איִצט וועל איִך נישט זיִדלען ביידע אָפּ

## צוועלפטע סצענע.

## צווייטעס ביִלד.

א צימער אין הויז פון אגאטע טיכאָנאָוונאַ.

אגאַטע ליגט באַהאַלטן הינטער-אוים אין קאָרסן, דערנעבן קוקט זיך צו

די מומע אגאַטע פאַנטעלייעמאָנאָוונאַ.

אַגאַטאַ טיִכאָנאָוונאַ

ווידער, מומעניו, אַן ענין! עס איִנטערעסירט זיִך עפּעס
אַ מלך-אייכל... טרערן... אַ ליבע-בריוו; פון דער ליִנ-
קער זייט ווייזט דער מלך-גריִן אַרויס גרויס אָנטייל,
נאָר עפּעס אַ חצופה שטערט.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

און װער, מײנסטו, קאָן זײַן דער מלך־גרין?

אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ

איך װײס נישט.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

און איך יװײס װער.

אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ

װער?

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

אַ גוטער סוחר פֿון דער טוך־בראַנזשע, אַלעקסײ דמיט־ריעװיטש סטאַריקאָװ.

אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ

נו, דאָס שוין אויף זיכער, אַז נישט ער, איך קאָן אפֿילו גײן אין געװעט, אַז נישט ער.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

שפּאַר זיך נישט, אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ, פּונקט אַזאַ בלאָנד־האָריקער. נישטאָ קײן אַנדער מלך־גרין.

אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ

דווקא נײן: מלך־גרין הײסט דאָ אַ דװאָריאַנין—אַ סוחר איז נאָך װײט פֿון מלך־גרין.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

עך, אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ, װאָלסט עס בשום אופֿן נישט גערעדט, װען דער געשטאָרבענער טיכאָן, דײַן טאַטע, פּאַנטעלײמאָנאָװיטש, װאָלט נאָך געלעבט, עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז ער פֿלעגט מיט זײַנע פֿינף פֿינגער אַ קלאַפּ טאָן אין טיש און אַ געשרײ טאָן: „איך שפּײ, זאָגט ער, אויף יענעם, װעלכער שעמט זיך צו זײַן אַ סוחר: כ'װעל דאָך מײַן טאָכטער, זאָגט ער, פֿאַר אַ פּאָלקאָװניק נישט אויסגעבן. זאָלן עס אַנדערע טאָן. און דעם זון, זאָגט ער, װעל איך נישט געבן דינען. װאָרום,

זאָגט ער, צי דען דינט אַ סוחר נישט דעם קיסר אַקוראַט ווי אַ יעדער אַנדערער?" אָט מיט די גאַנצע פינף פינגער פלעגט ער אַזוי נעמען זעצן אין טיש אַריין. און זיין האַנט איז ווי אַן עמער גרויס געווען—סכנות נפשות! וואָרום, דעם אמת זאָגנדיק, האָט ער דאָך דיין מאַמען דאָס לעבן פאַרביטערט די געשטאָרבענע וואָלט נאָך געקאָנט לעבן לענגער.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

נו, ווילסטו, אַז איך זאָל נאָך אויך האָבן אַזאַ שלעכטן מאַן! כ'וועל פאַר קיין פאַל נישט חתונה האָבן מיט קיין סוחר!

אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ

אָבער אַלעקסיי דמיטריעוויטש איז נישט אַזעלכער.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

איך וויל נישט! איך וויל נישט! ער האָט אַ באָרד! ער וועט נעמען עסן, וועט אַלץ רינען איבערן באָרד. ניין, ניין, איך וויל נישט!

אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ

אָבער ווו קריגט מען אַ גוטן דוואָריאַנין? ווערסט דאָך אים אויף דער גאַס נישט געפינען.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

טעקלאַ איוואַנאָוונאַ וועט אויסזוכן; זי האָט צוגעזאָגט, אויסצוזוכן דעם סאַמע בעסטן.

אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונא

זי איז דאָך אָבער אַ שקרנטע, מיין טייערע.

## דרייצענטע סצענע.

### דיזעלבע. טעקלאַ.

טעקלאַ

פּצ, חלשות, אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ, אַן עבירה בחנם

פֿאַנאַנדערטראָגן רכילות.

א ג אָ ט אַ  ט י כ אָ נ אָ וו נ אַ

אַך, דאָס איז טעקלאַ איוואַנאָוונאַ! נו, וואָס הערט מען? רייד, דערצייל! פֿאַראַן?

ט ע ק ל אַ

פֿאַראַן, פֿאַראַן, לאָז אָקאָרשט כאַפּן דעם אָטעם—זיך אַזוי אָנגעטומלט! נאָך דיין קאָמיסיע נאָך בין איך אַלע הייזער אויסגעגאַנגען, איבער קאַנצעלאַריעס, איבער מיניסטערסטוועס זיך אומגעשלעפּט, אין קאַראַאוּלניעס פֿאַרקראָכן... ווייסטו, סערדצע-קרוין, מ'האָט מיך שיר נישט געבראָכן די ביינער: די אַלטע, וואָס האָט חתונה געמאַכט די אַפּעראָווס, איז צו מיר געהאַט צוגעשטאַנען ווי אַ פּגע רע: „דו אַזוינע און אַזוינע, דאָס ברויט רייסטו פֿון מויל אַרויס, היט דיין אייגענעם קוואַרטאַל", זאָגט זי. „וואָס איז,—האָב איך איר תיכּף געענטפֿערט: זיי זשע נישט אין גרימצאָרן, פֿאַר מיין פֿריילין בין איך אויף אַלק גרייט אַבי זי צופֿרידן צושטעלן". דערפֿאַר אָבער וואָס פֿאַר אַ חתנים כ'האָב פֿאַר דיר געפֿונען! ס'הייסט, זינט די וועלט שטייט, איז נאָך אַזעלכעס נישט געווען. נאָך היינט וועלן אַנדערע אַהערקומען. כ'בין בכּיון געקומען דיר אָנזאָגן.

אַ ג אַ ט אַ  ט י כ אָ נ אָ וו נ אַ

וואָס הייסט היינט? דושעניו, טעקלאַ איוואַנאָוונאַ, כ'האָב מורא.

ט ע ק ל אַ

שרעק זיך נישט, מיין קרוין! ס'איז אַ מענטשלעכע זאַך. זיי וועלן קומען, זיי וועלן אַ קוק טאָן און מער גאָרנישט. און דו וועסט זיי אויך זען: וועלן זיי נישט געפֿעלן ווערן—מילא, וועלן זיי אַוועקפֿאָרן.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

איך מײן, אַז זי װעט אַראָפּברײנגען גאַנץ פֿײנע.

אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ

װיפֿיל זײנען זײ פֿאַראַן? אַ סך?

טעקלאַ

פֿאַראַן אַ מאַן זעקס.

אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ

שרײט אױס

אָהאָ!

טעקלאַ

װאָס ביסטו געװאָרן אַזױ אױפֿגעציטערט, קרױן מײנע? בעסער איז צום אױסקלײבן: װעט אײנער נישט פּאַסן, װעט דער צװײטער געפֿעלן.

אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ

װאָס זײנען זײ, דװאָריאַנעס?

טעקלאַ

אַלע װי אײנער; אַזעלכע דװאָריאַנעס, װאָס אַזױנע זײנען נאָך נישט געװען.

אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ

נו, װעלכע, װעלכע?

טעקלאַ

ס'אַראַ װוילע! אַלע אַזעלכע פֿײנע, קנאַקעדיקע. דער ערשטער, באַלטאַזאַר באַלטאַזאַראָװיטש זשעװאַקין, אַזאַ װוילער מאַן, אין פֿלאָט דינט ער — װעט פּונקט דיר זײן צום האַרצן. ער זאָגט, אַז ער דאַרף, די כּלה זאָל זײן גענוג דיק און צוגעבראָטענע האָט ער נישט ליב. נו, און איװאַן פּאַװלאָװיטש, װאָס דינט אַלס עקזעקוטאָר, דאָס איז אַזאַ װיכטיקער מענטש, אַז מען קאָן גאָר צו אים נישט אָנקומען. זעט אױס אַזױ פֿײן, אַ דיקער; אַז ער טוט צו מיר אַ געשרײ: דו פּלױדער מיר נישט קײן

סך, אַז די כּלה איז אַזאַ אָדער אַן אַנדערע, דו זאָג מיר תּיכּף מכּת נדן, וויפיל פאַרמאָגט זי באַוועגלעכע און אומבאַוועגלעכע?—„אַזוי פיל און אַזוי פיל, מיין טייערער!"—„דו לייגסט, הינטישע זעל!"—און אַגב האָט ער נאָך אַריינגעהאַקט אַזאַ מין וואָרט, וואָס ס'איז אַ בושה דיר צו זאָגן. איך האָב גלייך די רגע דערקענט: ע, דאָס מוז זיין אַ וויכטיקע פּערזאָן!

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

נו, און ווער נאָך?

טעקלאַ

היינט ניקאַנאָר איוואַנאָוויטש אַנוטשקין. דאָס איז גאָר אַ וועליקאַטנער מענטש, און די ליפּן, קרוין מיינע, זיינען ביי אים ווי מאַלינעס—אמתע מאַלינעס— אַזאַ ווילער. איך וויל, זאָגט ער, אַז די כּלה זאָל זיין נישקשהדיק שיין, אַן ערצויגענע, זי זאָל קאָנעןריידן פראַנצויזיש. יאָ, יאָ, דאָס איז אַ מענטש מיט אַ פיינער אויפפירונג. אַ שטיק דייטש! היינט פּיסלעך האָט ער שמאָלינקע, דינינקע.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

ניין, ניין, דידאָזיקע סובטילע געפעלן מיר עפּעס נישט איבעריגס... כ'ווייס נישט... איך זע אין זיי גאָרנישט.

טעקלאַ

וויבאַלד דו ווילסט אַ דיקערן, טאָ נעם איוואַן פּאַוולאָוויטשן. קיין בעסערן קאָן מען שוין נישט אויסקלייבן. יענער, ב"ה, איז שוין איינמאָל אַ פּערזאָן: ער גייט קוים אַדורך דורך די טיר—אַזאַ זיידענער מענטש.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

וויפיל יאָר איז ער אַלט?

טעקלאַ

נאָך אַ יונגער מענטש: אַ יאָר פופציג, און אפשר נאָך

דאָס אויך נישט.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

און זיין פֿאַמיליע ווי איז?

טעקלאַ

זיין פֿאַמיליע: איוואַן פּאַוולאָוויטש יאַיטשניצאַ.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

דאָס איז אַזאַ פֿאַמיליע?

טעקלא

אַ פֿאַמיליע.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונא

אַך, גאָט מיינער, ס'אַראַ פֿאַמיליע! הער נאָר, טעקלע־לעבן, ווי וועט עס אויסזען, אויב איך וועל מיט אים חתונה האָבן און וועל הייסן אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ יאַיטש־ניצאַ? גאָט ווייס, וואָס דאָס איז אַזעלכעס!

טעקלאַ

קרוין מיינע, אין רוסלאַנד זיינען פֿאַראַן אַזעלכע צונע־מען, אַז דו וועסט נאָר אַ שפּיי טאָן און זיך איבער־צלמען, ווען דו וועסט זיי דערהערן. ווייסטו גאָר וואָס, אויב דער צונאָמען געפֿעלט דיר נישט, טאָ נעם זשע באַלטאַזאַר באַלטאַזאַראָוויטש זשעוואַקינען, אַ פֿיינער חתן.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

און וואָס פֿאַר אַ האָר האָט ער?

טעקלאַ

גוטע האָר.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

און וואָס פֿאַר אַ נאָז?

טעקלאַ

ע... און דער נאָז איז אַ גוטער; אַלץ איז אויף אַן אָרט; און אַליין איז ער זייער אַ ווילער מענטש. נאָר זיי נישט בייז: ביי אים אין ווינונג שטייט בלויז אַ

קומען, מער איז קיין זאַך נישטאָ, קיין שום מעבל.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

און נאָך ווער?

טעקלאַ

אַקינף סטעפּאַנאָוויטש פּאַנטעליייעוו, אַ באַאַמטער, אַ טיטולאַר־ראַט, פאַרהיקעט זיך אַביסל, אָבער דערפאַר אַזאַ באַשיידענער.

אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ

וואָס האַקסטו אַלץ: אַ באַאַמטער, אַ באַאַמטער; צי דען האָט ער נישט ליב דעם טרונק, אַ שטייגער, זאָג מיר אָקאָרשט?

טעקלאַ

נו טרינקט ער, כ'וועל דיר נישט אָפּלייקענען. וואָס קען מען מאַכן, — איז ער דאָך אַ טיטולאַר־ראַט! דערפאַר איז ער אַזאַ שטילער ווי זייד.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

ניין, ניין, איך וויל נישט, אַז מיין מאַן זאָל זיין אַ שכור.

טעקלאַ

ווי דו ווילסט, קרוין מיינע! ווילסט נישט דעם, טאָ נעם אַן אַנדערן. איבעריגנס, וואָס פאַר אַ בייז, אויב ער מאַכט וועגן אַ איבעריקע כוסע? נישט די גאַנצע וואָך איז ער דאָך שכור: טרעפט אַ טאָג, אַז ער איז ניכטער.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

נו, און ווער נאָך?

טעקלאַ

פאַראַן נאָך איינער, אָדער יענער איז עפּעס אַזאַ... לאָז אים צו רו? דידאָזיקע זיינען מער גלאַטיק.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

נו, טאָ ווער איז ער?

טעקלאַ

ס׳וואָלט זיך אַפילו נישט געוואָלט ריידן וועגן אים. ער איז, דעם אמת, אַ הויף־ראַט און טראָגט בענדלעך, אָבער ער איז זייער שווער אויפ׳ן גאַנג, מען קאָן אים פון שטוב נישט אַרויסנאַרן.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

און נאָך ווער? דאָ זיינען דאָך נאָר פינף און די האָסט געזאָגט זעקס.

טעקלאַ

ציָ דען איז דיר נאָך וויי?ניק? זע נאָר ווי ס׳האָט זי מיטאַמאָל אָנגענומען אַ חשק? פריער האָסטו זיך דאָך געהאַט דערשראָקן!

אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ

וואָס קומט אַרויס פון זיי, פון די דוואָריאַנעס דיינע? כאָטש דו האָסט זיי גאַנצע זעקס, אָבער איין סוחר וועט באַשטיין פאַר אַלע.

טעקלאַ

אָ ניין, אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ, אַ דוואָריאַנין וועט זיין מער בכבודיק.

אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ

וואָס טויג מיר אַ דוואָריאַנין? אָט אַז אַלעקסיי דמיטריעוויטש, אין אַ סויבל־היטל, טוט זיך אַ לאָז אין אַ שליטל...

טעקלאַ

און אַ דוואָריאַנין אין עפּאָלעטן קומט אָן אַנטקעגן און זאָגט: „וואָס ווילסטו, קרעמערל? קער אָפּ פון וועג!" אָדער: „ווייזט נאָר, קרעמערל, עפּעס סאַמעט פון בעסטן סאָרט!" און דער סוחר: „ביטע, ביטע, דוואָריאַנין!" — „און דאָס היטל נעם אָקאָרשט אַראָפּ, דו גראָבער יונג!" — אָט וואָס אַ דוואָריאַנין וועט זאָגן.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

און דער סוחר, אויב ער װעט נישט װעלן, װעט ער נישט געבן קיין טוך; און דער דװאָריאַנין איז טאַקי דאַן אַ נאַקעטער און האָט נישט בהרפּתו אין װאָס צו גיין.

טעקלאַ

װעט דער דװאָריאַנין גוט מכבד זיין דעם סוחר.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

װעט דער סוחר זיך גיין קלאָגן אין פּאָליציי.

טעקלאַ

װעט דער דװאָריאַנין גיין אויפן סוחר צום סענאַטאָר.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

און דער סוחר—צום גובערנאַטאָר.

טעקלאַ

און דער דװאָריאַנין...

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

דו ליגסט, דו ליגסט, דװאָריאַנין! דער גובערנאַטאָר איז גרעסער פון סענאַטאָר. נעמט זיך שטאַרק איבער מיטן דװאָריאַנין. דער דװאָריאַנין ציט אויך ביי אַ געלעגענהייט דאָס היטל... אין טיר הערט זיך אַ קלונג ס׳קלינגט עמיצער.

טעקלאַ

אַהאַ, דאָס זיינען זיי!

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

װער? װער?

טעקלאַ

זיי... עמיצער פון די חתנים.

אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ

שרייט אויס

אַך!

**אַריִנאַ פּאַנטעלייִמאָנאָוונאַ**

דערבאַרעמט זיך, הייליקע, איבער אונז זינדיקע! אין צימער איז נאָך אינגאַנצן נישט אויפגערוימט. כאַפּט אַלץ, וואָס עס ליגט נאָר אויפן טיש און לויפט איבערן צימער מיט דער סערוועט, דער סערוועט אויפן טיש איז אינגאַנצן אַ שוואַרצער. דוניאַשקאַ! דוניאַשקאַ! דוניאַשקאַ קומט אַריין שנעלער, אַ ריינעם סערוועט שלעפּט אַראָפּ דעם סערוועט און דרייט זיך איבערן צימער

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

אַך, מומעניו, וואָס זאָל איך טאָן? כ׳בין כמעט אין איין העמד!?

**אַריִנאַ פּאַנטעלייִמאָנאָוונאַ**

אַך, קרוין מיינע, לויף שנעלער זיך אָנטאָן! דרייט זיך איבערן צימער; דוניאַשקאַ ברענגט אַ סערוועט; אין טיר קלינגט מען. לויף, זאָג: „באַלד!" דוניאַשא שרייט פון דערווייטנס באַלד.

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

מומעניו, דאָס קלייד איז דאָך נישט אויסגעפּרעסט.

**אַריִנאַ פּאַנטעלייִמאָנאָוונאַ**

אַך, גאָט מיינער הארציקער, פיר נישט אַריין אין בלאָטע!.. טו אָן אַן אַנדערע.

**טעקלאַ**

אַריינלויפנדיק

וואָס פּאָרעט איר זיך? אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ, שנעלער, קרוינעלע! עס הערט זיך דאָס גלעקל ווייַ, ווייַ, ער וואַרט דאָך אַלץ!

**אַריִנאַ פּאַנטעלייִמאָנאָוונאַ**

דוניאַשקאַ! פיר אים אַריין און הייס אים אויפוואַרטן. דוניאַשקאַ לויפט אַרויס אין פאָרהויז און עפנט די טיר. עס הערן זיך שטימען: פאַראַן אין שטוב? — פאַראַן, ביטע אין צימער. אַלע באַמיִען זיך צו פאַרקוקן מיט נייגעריקייט דורכן קליוטשלאָך.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

שרייט אויס

אַך, ס׳אַראַ דיקער!

טעקלאַ

ער גייט, ער גייט! אַלע לויפן צוטומלט־אײַלנדיק.

## פערצנטע סצענע.

### איוואַן פּאַוולאָוויטש יאַיטשניצאַ און דוניאַשקאַ.

דוניאַשקאַ

וואַרט דאָ אויף. גייט אַוועק

אַיטשניצאַ

ביטע, כ׳קאָן וואַרטן. וואָלט עס נאָר נישט פֿאַרציען זיך: כ׳האָב זיך דאָך אָפּגעריסן בלויז אויף אַ רגע פֿון דע־פּאַרטאַמענט. פּלוצלונג קאָן דעם גענעראַל אײַנפֿאַלן: „וווּ איז דער עקזעקוטאָר?“ — „איז אַוועק אַ כלה אָנקוקן...“ ער קאָן גוט אָנלערנען דערפֿאַר... פֿונדעסט־וועגן, לאָמיר אָקאָרשט נאָך אַמאָל אַ קוק טאָן דאָס צעטעלע... לייענט „אַ געמויערט צווייִשטאָקיק הויז... הייבט די אויגן אין דער הויך און באַקוקט דאָס צימער פֿאַראַן! זעצט ווײַטער פֿאָר דאָס לייענען „צוויי פֿליגלען: אַ פֿליגל אויף אַ שטיינערנעם פֿונדאַמענט“, אַ הילצערנער פֿליגל... נו, דער הילצערנער איז נישט פֿויגלדיק. אַ דראָזשקע, אַ שליטל מיט שניצערייען אונטער אַ גרויסן און קליינעם טעפּיך־דעק. קאָן זײַן אַזעלכע, וואָס טויגן שוין אויף כפרות. די אַלטע פֿאַרזיכערט פֿונדעוועסטוועגן, אַז דאָס איז גאָר פּרימאַ. „צוויי טוץ זילבערנע לעפֿל...“ געוויס, פֿאַרן שטוב דאַרף מען האָבן זילבערנע לעפֿל. „צוויי פֿוקסן־פֿוטערס“... המ! „פֿיר גרויסע פּוכענע קישנס און צוויי קליינע דריקט באַדייטנד צונויף די ליפּן זעקס פּאָר זײַ־

דענע און זעקס פּאָר סיִצענע קליידער, צוויי נאַכט־קאַפּאָטן, צוויי..." נו, דאָס איִז שוין אַ פּוסט אַרטיקל! „וועש. סטרוועטן..." דאָס מעג שוין זיין, ווי זי וויל. איִבעריִגנס, מען דאַרף דאָס אַלצדיִנק נאָכזען. איִצט טאַקי זאָגט מען צו אַ שטוב, מיִט עקיִפּאַזשן, און ווי נאָר דו האָסט התונה, וועסטו נאָר געפינען בלויז קישנס מיִט פעריִנעס. עס הערט זיִך ראָס גלעקל. דוניאַשקאַ לויפט איילנדיִק דורכן ציִמער צו עפענען די טיִר. עס הערן זיך שטיִמען: פאַראַן אין שטוב?

— פאַראַן.

## פופצענטע סצענע.

### איוואן פּאַוולאָוויטש און אנוטשקין.

ד ו נ י אַ ש ק אַ

וואַרט דאָ אויף. זיי וועלן אַרויסקומען. גייט אוועק. אנוטשקיִן גריִסט זיִך מיִט יאַיִטשניִצאַן.

י אַ יִ ט ש נ י צ אַ

גוט מאָרגן!

אַ נ ו ט ש ק י ן

האָב איִך עס דעם כּבוד צו ריידן מיִטן פּאַפּאַ פון דער שיינער בעלהביתטע?

י אַ יִ ט ש נ יִ צ אַ

ניין, נישט מיִטן פּאַפּאַ, איִך האָב נאָך אַפילו קיין קיִנדער ניִשט.

אַ נ ו ט ש ק יִ ן

אַך, אַנטשולדיִקט, אַנטשולדיִקט!

י אַ יִ ט ש נ יִ צ אַ

איִן דער זײַט

די פיִזיאָגנאָמיע פון דעמדאָזיקן פּאַרשוין איִז מיִר עפּעס פאַרדעכטיִק: איִז ער אַמאָל ניִשט געקומען אַהער נאָך

דעמזעלבן, וואָס איך? אויפן קול איר דאַרפט מסתמא עפעס האָבן צו דער בעל־הביתטע?

אַנוטשקין

ניין, אַזוי... נישט ווייל איך דאַרף עפעס האָבן, כ'בין אַזוי אַריין פון שפּאַציר.

יאַיטשניצאַ

אין א זייט

ער לייגט, ער לייגט, פון שפּאַציר גאָר! חתונה האָבן וויל ער, דער מנוול! עס הערט זיך דאָס גלעקל. דוניאשקאַ לויפט דורכן צימער עפענען די טיר, אין פאָרהויז שטימען: פאַראַן אַי שטובּ? — פאַראַן.

## זעכצענטע סצענע.

דיוּעלבע און זשעוואַקין אין באַגלייטונג פונם מיידל.

זשעוואַקין

צו דוניאשקען

כ'בעט דיך, דושעניו, פוץ מיך אָפּ... אויף דער גאַס דאָרט האָט זיך אַ באַרג שטויב צוגעטשעפּעט, אָט דאָרט, כ'בעט דיך, נעם אַראָפּ אַ שטויבל קערט זיך אום אַזוי, אַזוי! אַ דאַנק, דושעניו! אָט טו נאָך אַ בליק, דאָרט קריכט, דוכט, אַרום עפּעס אַ שפּין! און אויף די פאַלדן פון הינטן איז גאָר נישטאָ? אַ דאַנק, מיין טייערע! אָט דאָ נאָך שיינט מיר. גלעט מיט דער האַנט דעם אַרבל פון פראַק און קוקט אויף אַנגעטשקינען און איוואַן פּאַוולאָוויטשן. דאָס טוך איז דאָך ענגלישע. ווי עס טראָגט זיך גוט! אין 95-טן יאָר בעת אונזער עסקאַדרע איז געווען אין סיציליע, האָב איך עס געקויפט נאָך אַלס מיטשמאַן*) און האָב

*) מיטשמאַן — דער ערשטער ראַנג אין רוסישן פלאָט.

פֿון דעם זיך געגייט אַ מונדיר; אין יאָר 801, אין דער צייט פֿון פּאַוול פּעטראָוויטש, בין איך געוואָרן לייטענאַנט — און דאָס טוך איז נאָך געווען אינגאַנצן שפּאָגל־ניי; אין יאָר 814 האָב איך געמאַכט אַן עקספּע־דיציע אַרום דער וועלט, און בלויז די נעט האָבן זיך אביסל צוטרענט; אין יאָר 815 בין איך אַרויס אין „אָטסטאַווקע“, האָב איך אים נאָר איבערגעניצעוועט: שוין צען יאָר ווי איך טראָג אים, ביז איצט איז ער נאָך כמעט אַ נייער. אַ דאַנק, דושעניו, המ... יפֿת־תּוארל!

טוט איר אַ גלעט, און צוגייענדיק צום שפּיגל, צושויבערט ער לייכט די האָר.

**אַנוטשקין**

דערלויבט מיר צו וויסן, מכּח סיציליע... איר האָט אָקאָרשט באַוויליקט צו זאָגן — סיציליע, איז עס אַ גוט לאַנד, סיציליע?

**זשעוואַקין**

אַ פּראַכטפֿול! מיר זיינען דאָרט געווען פֿיר־און־דריי־סיק טאָג; די לאַנדשאַפֿט זאָג איך אייך, איז דאָרט אַ וווּנדערבאַרע. אַזעלכע בערג, היינט וואָלט איר זען עפּעס אַזעלכע גראַנאַטן־בוימלעך, און אומעטום איטאַליע־נערינס, אַזעלכע רויזעלעך, אַז עס ווילט זיך רק קושן.

**אַנוטשקין**

און גוט־געבילדעטע?

**זשעוואַקין**

נאָך ווי! אַזעלכע געבילדעטע, ווי ביי אונז, אַ שטייגער, אַ גרעפֿין. פֿלעגט טרעפֿן, דו גייסט איבער דער גאַס — נו, אַ רוסישער לייטענאַנט, נאַטירלעך, דאָ עפּאָלעטן וויזט אויף די אַקסלען גאָלדענער האַפּט און אָט די שוואַרץ־חנעווודיקע יפֿת־תּוארלעך — זיי האָבן דאָך נעבן יעדן הויז באַלקאָנזלעך און דעכער, אָט אַזוי פּונקט ווי די

פּאָדלאָגע, פּולשטענדיק פלאַך, — פלעגט טרעפן, אַז די קוקסט זיך אַזוי אַרויף, און עס זיצט זיך אַזאַ שוואַרץ־הנעוודיקע... נו, נאַטירלעך, היטסטו זיך זאָלסט אַזוי־אַרום נישט פאַלן אַ פאַרגאַפטער מיטן פנים אין דער בלאָטע... פאַרנייגט זיך און פאָכט מיט דער האַנט און זי מאַכט נאָר אַזוי מאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט נאַטירלעך, אַן אָנגעטוענע: דאָ טראָגט זי אַזאַ מין טאַפּעט*), אַ שנירל, פאַרשיידענע דאַמען־אוירינגלעך... מיט איין וואָרט, שוין איינמאָל אַ געשמאַקער ביסן...

אַנוטשקין

און זאָגט מיר,— דערלויבט מיר צו שטעלן אייך נאָך אַ פראַגע.— אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך רעדט מען זיך צונויף אין סיציליע?

זשעוואַקין

נאַטירלעך, אַלע אויף פראַנצויזיש.

אַנוטשקין

און אַלע, אַלע פרייליינס ריידן פראַנצויזיש?

זשעוואַקין

אַלע ביז איינער. איר וועט אפשר נישט גלויבן דאָס, וואָס איך וועל אייך זאָגן; מיר זיינען דאָרט אָפּגעווען פיר־און־דרייסיק טעג און פאַר דער גאַנצער צייט האָב איך פון זיי נישט געהערט קיין איין וואָרט אויף רוסיש.

אַנוטשקין

קיין איין וואָרט נישט?

זשעוואַקין

קיין איינציק וואָרט נישט. איך רייד שוין נישט וועגן די דוואָריאַנעס און די אַלע איבעריקע סיניאָרן, ס'הייסט, זייערע פלערליי אָפיצירן; נאָר נעמט, אויף טשעקאַוועס,

---

*) אזא מין איבערצוג.

אַן אָרטיקן פּראָסטן פּויער, וואָס שלעפּט אויפן קאַרק כּלע צרות, פּרוּווט אָקאָרשט און זאָגט אים: „גיב, ברוי־דער, ברויט!“—וועט ער נישט פאַרשטיין, ערן־וואָרט, ערק וועט נישט פאַרשטיין; אָבער אַז דו זאָגסט אים אויף פראַנצויזיש: „Dateci del pane!“ [1] אָדער: „Portato vino!“ [2] וועט ער פאַרשטיין און וועט לויפן און טאַקי ברענגען.

**איוואַן פּאַוולאָוויטש**

ווי איך זע, דאַרף עס זיין זייער אַ טשיקאַווע לאַנד, דאָס דאָזיקע סיציליע. איר האָט דאָ נאָר־וואָס געזאָגט — אַ פּויער: ווי און וואָס איז דאָרט אַ פּויער? פּונקט אַזוי לחלוטין, ווי א רוסישער פּויער — אַ ברייט־פּלייצעדיקער און אַקערט די ערד, אָדער ניין?

**משעוואַקין**

איך קאָן אייך נישט זאָגן, כ'האָב נישט באַמערקט, צי זיי אַקערן אָדער נישט; אָבער אָט אַנטקעגן טאַבאַק־שמעקן, קאָן איך אייך דערציילן, אַז נישט בלויז אַלע רויכערן, נאָר זיי נעמען עס אפילו אין מויל אַריין. דאָס איבערפירן איז דאָרט אויך זייער ביליק: דאָרט איז אַלץ כמעט וואַסער, און אומעטום זיינען פאַראַן גאָנדאָלן [1]... נאַטירלעך, זיצט זיך אַזאַ מין איטאַליענערין, אַזאַ רויז, אָנגעטאָן אין אַ מאַנישקעלע, אַ טיכל!.. מיט אונז זיינען אויך געווען ענגלישע אָפיצירן; נו, אויך אַזעלכע חברה־לייט ווי אונזערע פלאָט־לייט... לכתחילה, אמת, איז געווען זייער מאָדנע: מיר פאַרשטייען נישט איינע די צווייטע; אָבער דערנאָך— ווי גוט מיר האָבן זיך איינע מיט די אַנדערע באַקענט און זיך אָנגעהייבן פריי צו

---

[1] גיט אונז ברויט; [2] ברענגט וויין.

1) א פאַרמאַכטע שיפל, וואָס ווערט באַנוצט אין ווענעציע, ווי אַנשטאָט שטן ווייגן קאַראַלן.

פּאַרשטיין. פֿלעגסטו נאָר אַ ווייז טאָן אויף אַ פלאַש, אָדער אַ גלאָז — אַזוי האָט מען גלייך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס הייסט מאַכן אַ לחיים; פֿלעגסט נאָר צושטעלן די פּויסט צום מויל און פֿלעגסט נאָר מאַכן מיט די ליפּן: פּאַף־פּאַף — ווייסטו שוין: רויכערן די ליולקע. בכלל, קאָן איך אייך זאָגן, די שפּראַך איז אַ גאַנץ לייכטע — אונזערע מאַטראָזן האָבן אין משך פון עטלעכע טעג אָנגעהייבן איינע די אנדערע צו פֿאַרשטיין.

**איוואַן פּאַװלאָװיטש**

אַ, ס'אַראַ אויסערגעוויינלעך־אינטערעסאַנט לעבן איז, ווי איך זע, אין פרעמדע לענדער. מיר איז זייער אָנגענעם צו טרעפן זיך מיט אַ מענטשן, וואָס האָט פיל דורכגעמאַכט. דערלויבט מיר צו וויסן, מיט וועמען איך האָב דעם כבוד צו ריידן?

**זשעוואַקין**

זשעוואַקין. המ... געוועזענער לייטענאַנט. דערלויבט מיר פון דער צווייטער זייט אויך צו פרעגן מיט וועמען... המ... האָב איך דאָס גליק צו שמועסן?

**איוואַן פּאַװלאָװיטש**

אין דער שטעל פון אַן עקזעקוטאָר, איוואַן פּאַװלאָװיטש יאַיטשניצאַ.

**זשעוואַקין**

גיסט דערהערנדיק

יאָ, איך האָב אויך איבערגעביסן. כ'ווייס דאָך, אַז כ'וועל האָבן אַ שטיק וועג, און דאָס וועטער איז אַ קאַלטלעכער: האָב איך אויפגעגעסן אַ הערינגל מיט ברויט.

**איוואַן פּאַװלאָװיטש**

ניין, דוכט זיך, אַז איר האָט שלעכט פֿאַרשטאַנען: דאָס איז מיין פאַמיליע — יאַיטשניצאַ.

**שעוואַקין**

פֿאַרנייגט זיך

אַך, אַנטשולדיקט! איך בין אַ ביסל טעמפּלעך אויף אַן אויער, כ'האָב באמת געמיינט, אַז איר האָט באַוויליקט צו זאָגן, דאָס איר האָט געגעסן אַ „יאַיטשניצע".

**איוואַן פּאַוולאָוויטש**

וואָס קען מען טאָן! איך האָב שוין געהאַט געוואָלט בעטן דעם גענעראַל ער זאָל מיר דערלויבן צו רופן זיך יאַיטשניצין, אָבער די אייגענע האָבן מיך אָפּגערעדט; זיי זאָגן, אַז ס'וועט זיין ענלעך צו „סאָבאַטשי סין"*).

**זשעוואַקין**

און דאָס טרעפט פונדעסטוועגן. ביי אונז האָט די גאַנצע דריטע עסקאַדרע, אַלע אָפיצירן און מאַטראָזן — אַלע האָבן געהאַט משונהדיקע פאַמיליעס: פּאָמאָיקין, יאַריזשקין, פּערעפּרייעוו, אַ לייטענאַנט; איין מיטשמאַן, אַפילו אַ גוטער מיטשמאַן, האָט לויט זיין פאַמיליע געהייסן פּשוט דירקאַ. און דער קאַפּיטאַן פלעגט אַזוי זיך רופן: „עי, דו לעכל קום אַהער!" און אָפטמאָל פלעגט ער איבער אים שפּאַס מאַכן: „עך דו לעכל אַזעלכעס!" פלעגט ער אים אַזויערנאָך זאָגן. אין פאָרהויז הערט זיך דאָס גלעקל; טעקלאַ לויפט דורכן צימער עפענען.

**יאַיטשניצאַ**

אַ גוט מאָרגן, מומעניו!

**זשעוואַקין**

גוט מאָרגן, וואָס מאַכסטו עפּעס, נשמה מיינע?

**אַנוטשקין**

גוט מאָרגן, מומעניו, טעקלאַ איוואַנאָוונאַ!

**טעקלאַ**

לויפט איילנדיק

אַ דאַנק, קינדערלעך, געזונט, געזונט! עפנט די טיר; אין

---

*) הינט ער זון.

פאַרחו׳ ז הערן זיך שטימען: פֿאַראַן אין שטוב ? — פֿאַראַן, דאַן עטלעכע כמעט נישט-הערבאַרע ווערטער, אויף וועלכע טעקלאַ ענטפֿערט מיט פֿאַרדרוס: „זע נאָר, דו אַזוינער און אַזוינער!“

## זיבעצענטע סצענע.

### דיוועלבע, קאַטשקאַרעוו, פֿאָרקאָלעסין און טעקלאַ.

**קאַטשקאַרעוו**

צו פֿאָדקאָלעסינען

דו געדענק נאָר—קוראַזש, און מער גאָרנישט קוקט זיך אַרום, פֿאַרנייגט זיך מיט אַ געוויסער פֿאַרחונדערונג; צו זיך פֿע, ס׳אַראַ עולם מענטשן! וואָס זאָל עס הייסן? נישט אַמאָל חתנים? צופּט טעקלאַן אין זאָגט איר אין דער שטיל וואָס זיינען עס פֿאַר אַ שלעק? אַ?

**טעקלאַ**

שטיל

דאָ זיינען דיר נישטאָ קיין שלעק, אַלץ אָנשטענדיקע מענטשן.

**קאַטשקאַרעוו**

צו איר

אַ גרויסע חבריא, אָבער אַלע פֿון קבצנים-לאַנד...

**טעקלאַ**

זו נאָר אַליין אויף זיך אַ קוק אין שפּיגל, וועסטו נישט האָבן מיט וואָס זיך איבערצונעמען: פֿון אויבן פֿאַרפּוצט, פֿון אונטן פֿאַרשמוצט.

**קאַטשקאַרעוו**

שפּילסט זיך אַביסל, שיינע גבירים! צו לאָך אין קע-שענע... העכער און וואָס טוט זי איצטער? די דאָזיקע טיר מוז אַריינגיין צו איר אין שלאָפֿצימער גייט צו צו דער טיר

ט ע ק ל אַ

אומפֿאַרשעמטער ! מ׳זאָגט דיר דאָך, אַז זי טוט זיך נאָך אָן.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו ו

און אַז יאָ מה רעש? כ׳וועל נאָר אַ קוק טאָן און מער גאָרנישט קוקט אַריין אין שליסל־לאָך

ז ש ע ו ו אַ ק י ן

אַך דערלויבט מיר צו וואַרפֿן אַ בליק.

י אַ ָ ט ש נ י צ אַ

אַך, לאָזט מיך כאָטש איין איינציק מאָל אַ דרינג טאָן מיט אַ בליק.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו ו

קוקנדיק ווײַטער

אַז מען זעט גאָרנישט, מיינע הערן! מ׳קאָן אפֿילו נישט דערקענען, וואָס אַזעלכעס ווייסט זיך עס, אַ פּרויענצימער, צי אַ קישן אַלע האָבן זיך פֿונדעסטוועגן אַרומגעשטעלט אַרום טיר און רײַסן זיך אַ קוק צו טאָן.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו ו

ש־ש־ש. עמיצער גייט אַלע שפּרינגען אָפּ.

## אכצענטע סצענע.

דיוועלבע, אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונא און אגאַטא טיכאָנאָוונא.

אַלע פֿאַרנײַגן זיך.

אַ ר י נ אַ פּ אַ נ ט ע ל יי מ אָ נ אָ ו נ אַ

צוליב וואָס פֿאַר אַ סיבה האָט איר באַוויליקט צו קומען מיט אַ באַזוך?

י אַ ָ ט ש נ י צ אַ

כ׳האָב זיך דערוווּסט פֿון די צייטונגען, אַז איר ווילט אַרייַנטרעטן אין אַן אונטערנעמונג צוצושטעלן געהילץ,

און דעריבער, פֿאַרנעמענדיק די שטעל פֿון אַן עקזעקוטאָר, בין איך געקומען געוואָר ווערן, וואָס פֿאַר אַ מין געהילץ, אין וועלכער צאָל, צו וועלכער צייט, קאָנט איר עס צושטעלן.

**אַרינאַ פּאַנטעלייִמאָנאָוונאַ**

כאָטש קיין שום פּאָדריאַטן נעם איך נישט אונטער, פֿונדעסטוועגן איז מיר אייער באַזוך גאַנץ אַנגענעם. און ווי הייסט איר מיט דער פֿאַמיליע?

**יאַיִטשניצאַ**

קאָלעגיען-אַסעסאָר, איוואַן פּאַוולאָוויטש יאַיִטשניצאַ.

**אַרינאַ פּאַנטעלייִמאָנאָוונאַ**

איך בעט אייך זייער זיצן *ווענדט זיך צו זשעוואַקינען און קוקט אויף אים* המ... דערלויבט מיר צו פֿרעגן...

**זשעוואַקין**

איך אויך... כ'האָב געזען אין די צייטונגען מודעות וועגן עפּעס... נו, טראַכט איך מיר, לאָמיר אַ גיי-טאָן אַהין. דאָס וועטער איז גראָד אַ שיינס, אויפֿן וועג זעען זיך אומעטום גרעזלעך...

**אַרינאַ פּאַנטעלייִמאָנאָוונאַ**

און ווי הייסט איר לויט פֿאַמיליע?

**זשעוואַקין**

איך בין לייטענאַנט פֿון פֿלאָט-דינסט אין דימיסיע, באַלטאַזאַר באַלטאַזאַראָוויטש זשעוואַקין דער צווייטער. ס'איז ביי אונז געווען נאָך אַ זשעוואַקין, אָבער יענער איז נאָך פֿריער פֿון מיר אַרויס אין „אָטסטאַווקע”: איז, מוֹמעניו, פֿאַרוווּנדעט געוואָרן, אונטערן קני, און די קויל איז אַזוי משונהדיק דורכגעגאַנגען, אַז די קני אַליין האָט זי נישט אָנגערירט און דעם אָדער האָט זי פֿאַרכאַפּט — ווי מיט אַ נאָדל פֿאַרנייט — אַזוי, אַז ווען נאָר, ס'פֿלעגט טרעפֿן, דו שטייסט מיט אים און רעדסט,

פֿלעגט זיך דוכטן, אַז ער װיל דיך פֿון היגטן מיטן קני אַ
קלאַפּ טאָן.

אַ ר י נ אַ פּ אַ נ ט ע ל ײ מ אָ נ אָ װ נ אַ

איך בעט אײַך זײַט, זיצט, זיצט! װענדנדיק זיך צו אַגאַטש-
קענען דערלױבט מיר צו װיסן, װעגן װאָס פֿאַר אַן ענין?...

אַ נ ו ט ש ק י ן

הם... פֿון שכנות-װעגן... געפֿינענדיק זיך אין אַזאַ נאָ-
טער שכנהשאַפֿט...

אַ ר י נ אַ פּ אַ נ ט ע ל ײ מ אָ נ אָ װ נ אַ

װױנט איר נישט אַמאָל אינם הױז פֿון דער אלמנה
טוליבאָװאָ, װאָס קעגנאיבער?

אַ נ ו ט ש ק י ן

ניין, דערװײַל װױן איך נאָך אױף די פּיאַסקעס, אָבער
איך האָב פֿונדעסטװעגן בדעה מיט דער צײַט זיך איבער-
צוקלײַבן אַהער, אין שכנהשאַפֿט, אין דעם טײל שטאָט.

אַ ר י נ אַ פּ אַ נ ט ע ל ײ מ אָ נ אָ װ נ אַ

אַך בּיטע, בּיטע, זעצט זיך! װענדנדיק זיך צו קאָטשקאַרעװ:
דערלױבט מיר צו פֿרעגן...

ק אָ ט ש ק אַ ר ע װ

צי דען דערקענט איר מיך נישט? װענדנדיק זיך צו אַגאַטע
טיכאָנאָװנע און איר אױך, פֿרײַלין?

אַ ג אַ ט אַ ט י כ אָ נ אָ װ נ אַ

אױף װיפֿיל מיר שײַנט, האָב איך אײַך, דוכט, גאָר-
נישט געזען.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע װ

פֿונדעסטװעגן דערמאָנט זיך: איר האָט מיך זיכער
ערגעץ-װוּ געזען.

אַ ג אַ ט אַ ט י כ אָ נ אָ װ נ אַ

כ'װײס באמת נישט. אפשר אַמאָל ביי די בירױשקינס?

קאָטשקאַרעוו

טאַקי ביי די בירױשקינס.

אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ

אַך, איר װײסט נישט, מיט איר איז אַ גאַנצע געשיכטע פאָרגעקומען.

קאָטשקאַרעוו

װאָס זשע, זי האָט חתונה געהאַט?

אַגאַטאַ טיכאָנאָװנאַ

ניין, דאָס װאָלט נאָך גוט געװען, אָבער זי האָט אַ פּוס צובראָכן.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

און שטאַרק צובראָכן. זי האָט זיך אומגעקערט װײער שפּעט אַהײם אױף אַ דראָזשקע, און דער פּורמאַן איז געװען שכור, האָט ער זי אַרױסגעשלײדערט פון דראָזשקע.

קאָטשקאַרעוו

יאָ, יאָ, כ׳געדענק עפּעס: אָדער זי האָט חתונה געהאַט, אָדער אַ פּוס צובראָכן.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

און װי הײסט איר?

קאָטשקאַרעוו

סטײטש,—איליאַ פּאָמיטש קאָטשקאַרעוו, מיר זײנען דאָך קרובים; מײן װײב רעדט כּסדר װעגן דעם... דערלױבט נאָר, דערלױבט נעמט פּאָדקאָלעסינען פּאר דער האַנט און פירט אים צו מײן פרײנט פּאָדקאָלעסין, איװאַן קוזמיטש, הױף־ראַט, דינט אַלס עקספּעדיטאָר, טוט אײנער אַלײן אַלסדינג, האָט אױסגעצײכנט פאַרפולקומט זײן פאַך.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָװנאַ

און װי הײסט ער?

קאָטשקאַרעוו

פּאָדקאָלעסין, איוואַן קוזמיטש פּאָדקאָלעסין. אַ דירעקטאָר איז פאַראַן נאָר לפנים־וועגן, אָבער אַלע ענינים ערלייי־דיקט ער, איוואַן קוזמיטש פּאָדקאָלעסין.

אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ

אַזוי, אַזוי. איך בעט זייער זעצן זיך.

## ניינצענטע סצענע.

### דיזעלבע. סטאַריקאָוו.

סטאַריקאָוו

פאַרנייגט זיך לעבעדיק און שנעל מעשה סוחר און פאַרלייגט זיך די הענט ביי די זייטן

מיין אַכטונג, אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ! מ׳שמועסט אויפן מאַרק, אַז איר האָט צו פאַרקויפן פעל!

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

אָפּקערנדיק זיך מיט גרינגשעצונג, אין דער שטיל, אָבער אַזוי, אַז ער הערט

דאָ איז נישט קיין סוחרישׁ קרעמל.

סטאַריקאָוו

נאַט אייך אַן עסק! האָב איך נישט געטראָפן? האָט מען שוין אָן מיר פאַרענדיקט דאָס געשעפט?

אַרינאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ

ביטע, ביטע, אַלעקסיי דמיטריעוויטש; כאָטש קיין פעל פאַרקויפן מיר נישט, דאָך טוט אונז הנאה אייער קומען. כ׳בעט אייך זייער זיצן! אלע האָבן זיך צוזעצט. א שווייגעניש.

יאַיטשניצאַ

אַ משונהדיק וועטער היינט: אין דער פרי האָט עס להלוטין אויסגעזען רעגנדיק און איצט איז עס כמעט ווי פאַרביי.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

יאָ, יאָ, אַזאַ וועטער איז סתם נישט אַהער, נישט אַהין: אַמאָל איז לויטער און אַמאָל איז עס גאָר רעגנדיק.

ס'אַ גרויסע אומאַנגענעמלעכקייט.

זשעוואַקין

אָט אין סיציליע זיינען מיר געווען מיט דער עסקאַדרע פריִלינג-צייט,—איבעריגנס, אויב איר ווילט גענויער, איז עס געווען אין פעוראַל: פלעגט טרעפן, אַז דו פלעגסט אַרויסגיין פון שטוב—דער טאָג איז אַ זוניקער, און דערנאָך—אַ רעגן גאָר. דו קוקסט, קוקסט—אַ רעגן טאַקי.

יאַיטשניצאַ

אומאַנגענעמער פון אַלץ איז, בעת דו זיצסט אין אַזאַ וועטער איינער אַליין. אַ באַווייבטן מענטשן איז עפּעס גאָר אַן אַנדער זאַך—נישט לאַנגווייליק; און איז מען אין איינזאַמקייט, איז עס פּראָסט...

זשעוואַקין

אַ טויט, אַן אמתער טויט!

אַנוטשקין

יאָ, יאָ, מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן...

קאָטשקאַרעוו

וואָס רעדט איר?—אַן אמתע פּלאָגעניש! דאָס לעבן וועט דיר נישט איינגיין. זאָל גאָט אויסהיטן צו פּרווון אַזאַ צושטאַנד.

יאַיטשניצאַ

און ווי איז, פריילין, אויב ס'וואָלט אייך אויסגעקומען אויסצווויילן אַ געגנשטאַנד, דערלויבט מיר צו וויסן אייער געשמאַק. אַנטשולדיקט, וואָס איך רייד אַזוי אָפן. וואָס פאַר אַן אַמט, לויט אייער מיינונג, פּאַסט בעסער פאַר אַ מאַן?

זשעוואַקין

וואָלט איר, פריילין, געוואָלט האָבן פאַר אַ מאַן אַ מענטשן, וועלכער איז באַקאַנט מיט די ים-געוויטערס?

קאָטשקאַרעוו

ניין, ניין, לויט מיין מיינונג, איז דער בעסטער מאַן אַ מענטש, וואָס פירט אָן כמעט איינער אַליין מיט אַ גאַנצן

דעפּאַרטאַמענט.

**אַנוטשקין**

וואָס טויגן די פּאָראַורטיילן? פּאַרוואָס ווילט איר אַרויס־ווייזן אַ גרינגשעצונג צו אַ מענטשן, וועלכער האָט כאָטש, געוויס, געדינט אין פּיעכאָטע־דינסט, אָבער קאָן פונדעסטוועגן שעצן די באַנעמונג פון דער העכסטער געזעלשאַפט.

**יאַיטשניצאַ**

פריילין, זאָגט זשע איר!

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

שווייגט

**טעקלאַ**

ענטפער זשע, קינד מיינס, זאָג זיי וואָס נישט איז.

**יאַיטשניצאַ**

נו, וואָס זשע מיינט איר?

**קאָטשקאַרעוו**

ווי איז אייער מיינונג, אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ?

**טעקלאַ**

שטיל צו אגאַטאַן

זאָג שוין, זאָג: „אַ דאַנק, אַ שטייגער, ס׳איז מיר זייער אנגענעם”... עס פאַסט דאָך נישט צו זיצן אַזוי אָ,

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

שטיל

כ׳שעם זיך, כ׳שעם זיך, כ׳וועל אַוועקגיין, כ׳וועל נע־מען און אַוועקגיין. מוסיעניו, זיצט איר פאַר מיר.

**טעקלאַ**

אַך, טו עס נישט, אַ פינסטערע חרפה! גיי נישט אַוועק. וועסט זיך מאַכן צו שפּאָט. זיי וועלן ווער ווייסט וואָס קלערן.

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

שטיל

ניין, ניין, כ׳גיי אַוועק. (לויפט אַרויס. טעקלאַ און אַרינע פּאַנטע־לייטשאָנאָוונאַ גייען אַוועק נאָך איר)

# צוואנציקסטע סצענע.

דיזועלבע  אחך די איעקנגענגענע

אַ י ט ש נ י צ אַ

זעט נאָר, זעט, זיי האָבן גענומען און אַוועקגעגאַנגען!
וואָס הייסט עס עפּעס?

קאָטשקאַרעוו

ס'איז אודאי עפּעס געשען.

ששעוואַקין

מסתמא איז עס נוגע דעם דאַמען־טואַלעט... אודאי עפּעס פֿאַרריכטן... די מאַנישקעלע... אַ שפּילקע אַריינשטעקן...
טעקלא קומט אריין. אלע לאָזן זיך איר אנטקעגן מיט פֿראגן וואָס,
וואָס פֿאַר אַ מעשה?

קאָטשקאַרעוו

איז עפּעס געשען?

טעקלאַ

פֿאַרוואָס זאָל עפּעס געשען! פּ'נאמנות, ס'האָט גאָרנישט געטראָפֿן.

קאָטשקאַרעוו

טאָ נאָך וואָס איז זי אַרויסגעגאַנגען?

טעקלאַ

אַז איר האָט זי פֿאַרשעמט, איז זי דערפֿאַר אַ־רויסגעגאַנגען; איר האָט זי ממש צומישט; איז זי נישט איינגעזעסן אויף אַן אָרט. זי בעט אַנטשולדיקן און באַוויליקן צו קומען אין אָוונט אויף אַ גלעזל טיי. גייט ארויס

אַ י ט ש נ י צ אַ

אין דער זייט

אַך, ס'אַן אָפּקומעניש מיטן גלעזל טיי! דערפֿאַר טאַקי האָב איך נישט ליב דאָס שדכנען, אַ גאַנצע פֿאַרשלעפּעניש: היינט קאָן מען נישט, זייט זשע רוחל מאָרגן, דאַן נאָך איבערמאָרגן אויף אַ גלעזל טיי, דאַן דאַרף מען נאָך אַ טראַכט טאָן. פֿע, אַ מאוסער ענין, דער קאָפּ

ברעכט זיך כמעט! צו אַלדי רוחות. כ׳בין אַ פאַרנומענער מענטש, כ׳האָב גאָרנישט וועז.

קאָטשקאַרעוו

צו פּאָדקאָלעסינען

די בעל־הביתטיטשקע איז אָבער נישט מאוס? אַ?

פּאָדקאָלעסין

יאָ, נישט מאוס.

זשעוואַקין

די בעל־הביתטיטשקע איז אָבער שיין?

קאָטשקאַרעוו

אין דער זייט

אָט, כאַפּט עס דער נישט־גוטער! דער דאָזיקער שוטה האָט זיך פאַרליבט. ער וועט נאָך אפשר קאַליע מאַכן!

אויפן קול זי איז גאָרנישט שיין. זי איז גאָרנישט שיין.

יאַיטשניצאַ

אַ גרויסער נאָז.

זשעוואַקין

ניין, דעם נאָז האָב איך נישט באַמערקט. זי איז אזא רויז, כ׳לעבן.

אַנוטשקין

איך בין אויך פון דערזעלבער מיינונג. ניין, נישט דאָס, נישט דאָס... איך קלער אַפילו, אַז זי איז אפשר גאָר־נישט באַקאַנט מיט דער באַנעמונג פון דער העכערער געזעלשאַפט. און פראַנצויזיש קען זי?

זשעוואַקין

כ׳דערלויב מיר צו פרעגן, פאַרוואָס האָט איר נישט געפרווט מיט איר אַ רעד טאָן פראַנצויזיש? קאָן זיין, אַז זי קען טאַקי.

אַנוטשקין

איר מיינט, אַז איך רייד פראַנצויזיש? ניין, איך האָב נישט געהאַט דאָס גליק צו באַנוצן זיך מיט אַזאַ ערציִונג. מיין פאָטער איז געווען אַ מנוול, אַ פערד. ער האָט

גאָר אין זינען נישט געהאַט מיך אויסצולערנען די פראַנצויזישע שפראַך. כ׳בין נאָך דאַן אַ קינד געווען. מען האָט מיך לייכט געקאָנט צוגעווינען, מען האָט נאָר געדאַרפט גוט אָפּשמייסן, וואָלט איך שוין געקענט, כ׳וואָלט אומבאַדינקט געקענט.

ז ש ע ו ו אַ ק י ן

נו, אויב אַזוי, אויב איר קענט נישט, טאָ וואָס וועט אייך איצט אַריינקומען, אויב זי...

אַ נ ו ט ש ק י ן

ניין, ניין! אַ פּראָוויִנציִמער — איז גאָר אַן אַנדער זאַך; ס׳איז נויטיק, זי זאָל אומבאַדינקט קענען, און אָן דעם איז ביי איר עפּעס דאָס, יענץ... ווייזט מיט זשעסטן אַלץ וועט שוין זיין ניט דאָס!

י אַ י ט ש נ י צ אַ

אָן אַ זייט

נו, וועגן דעם זאָל אַן אַנדערער זאָרגן, און איך וועל גיין און אַ קוק טאָן פון דרויסן דאָס הויז און די פליגלען: אויב אַלץ איז נאָר ווי עס געהער צו זיין, וועל איך נאָך היינטיקן אָוונט זיך דערשלאָגן צום ענין. די דאָזיקע חתנימלעך זיינען פאַר מיר נישט געפערלעך— קנאַפּע פלאָקנשיסער! כלות האָבן ניט ליב אַזעלכע.

ז ש ע ו ו אַ ק י ן

נאַ, מ׳עט גיין פאַררויכערן. וואָס, מיר גייען נישט אין איין וועג? דערלויבט מיר צו פרעגן, ווו וווינט איר?

אַ נ ו ט ש ק י ן

אויף פּיעסקי, אין פּעטראָווער געסל.

ז ש ע ו ו אַ ק י ן

יאָ, יאָ, ס׳וועט זיין אַ גאַנצן קרייז צו מאַכן: איך וווין אויף דער אינזל, אין דער 18 ליניע, נאָר, איבעריגנס, כ׳וועל אייך פונדעסטוועגן באַגלייטן.

ס ט אַ ר י ק אָ ו

ניין, דאָ איז עפּעס צו אָנגעבלאָזן, אַי, איר וועט אונז

דערנאָך דערמאָנען, אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ. מיין אַכטונג,
מיינע הערן! פּאַרבייגט זיך און גייט אַוועק

## איינאונצוואַנציקסטע סצענע.

### פּאָדקאָלעסין און קאָטשקאַרעוו.

פּאָדקאָלעסין

און וואָס וואַרטן מיר?

קאָטשקאַרעוו

נו, וואָס, ניט אמת, די בעל־הביתטע איז אַ וווילינקע?

פּאָדקאָלעסין

וואָס רעדט איר! מיר, דעם אמת גערעדט, געפעלט זי נישט.

קאָטשקאַרעוו

נאַ דיר גאָר! וואָס רעדסטו? ביסט דאָך אַליין איינגעגאַנגען, אַז זי איז שיין.

פּאָדקאָלעסין

נו יאָ, אָבער עפּעס נישט דאָס; אַ נאָז אַ לאַנגער, און קיין פראַנצויזיש קען זי נישט.

קאָטשקאַרעוו

וואָס נאָך? צו וואָס דאַרפסטו האָבן פראַנצויזיש?

פּאָדקאָלעסין

נו, פונדעסטוועגן, אַ כּלה דאַרף קענען פראַנצויזיש.

קאָטשקאַרעוו

צו וואָס?

פּאָדקאָלעסין

דערפאַר ווייל... נו, איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר אַלץ וועט שוין ביי איר זיין עפּעס נישט דאָס.

קאָטשקאַרעוו

אַזוי גאָר! אַ שוטה האָט עס נאָר וואָס געזאָגט און איך איז עס אין קאָפּ אַריין. זי איז — אַ שיינהייט, איינפאַך אַ שיינהייט, אַזאַ מיידל וועסטו ערגעץ נישט געפינען.

פאָדקאָלעסין
מיר אַליין איז זי אין אָנהייב געפֿעלן געוואָרן, אָבער שפּעטער, אַז מען האָט אָנגעהייבן ריידן: אַ לאַנגער נאָז, אַ לאַנגער נאָז, — נו, האָב איך זיך שוין צוגעקוקט און זע אַליין אויך, אַז אַ לאַנגער נאָז.

קאָטשקאַרעוו
עך, דו נאַר, ווי מען קען דיך פירן אין באָד אַריין! זיי ריידן בכיוון אַזוי, כדי דיר צו פֿאַרמיאוסן; און איך גופֿא האָב אויך נישט געריימט, — אַזוי פֿירט זיך עס שוין. דאָס איז, ברודער, שוין איינמאָל אַ מיידל! דו קוק נאָר אָן אירע אויגן: זיי ריידן, זיי אָטעמען, און דער נאָז? כ'ווייס גאָר נישט וואָס פֿאַר אַ נאָז דאָס איז! ווייס — אַלבאַסטער! אַפילו נישט יעדער אַלבאַסטער קאָן זיך גלייכן. דו קוק זיך נאָר אַליין גוט צו.

פאָדקאָלעסין
שמייכלענדיק
איצט זע איך טאַקע ווידער, אַז זי איז טאַקע אַ גוטע שיין.

קאָטשקאַרעוו
פֿאַרשטייט זיך, שיין. הערט נאָר, היות ווי אַלע זיינען אַוועקגעגאַנגען, לאָמיר איצט גיין צו איר, לאָמיר זיך פֿאַרשטענדיקן און אַלץ פֿאַרענדיקן.

פאָדקאָלעסין
נו, דאָס וועל איך נישט טאָן.

קאָטשקאַרעוו
סטייטש, פֿאַרוואָס?

פאָדקאָלעסין
וואָס איז עס פֿאַר אַ גראָבקייט? מיר זיינען דאָך אַ סך; זאָל זי אַליין אויסוויילן.

קאָטשקאַרעוו
צו וואָס דאַרפֿסטו קוקן אויף זיי: האָסט מורא פֿאַר קאָנקורענץ, ציי וואָס? ווילסט, וועל איך זיי אין איין מינוט אַלעמען אַראָפּבאַרענגען?

פּאָדקאָלעסין

ווי אַזוי וועסטו זיי אַראָפּבּרענגען?

קאָטשקאַרעוו

דאָס איז שוין מיין זאַך. גיב מיר נאָר אַ וואָרט, אַז דו וועסט זיך שפּעטער ניט אַרויסמאַכן.

פּאָדקאָלעסין

פאַרוואָס זאָל איך ניט געבן? ביטע, איך לייקן גאָרניט: איך וויל חתונה האָבן.

קאָטשקאַרעוו

אַ האַנט!

פּאָדקאָלעסין

*דערלאַנגענדיק*

נעם!

קאָטשקאַרעוו

נו, דאָס נאָר דאַרף איך האָבן בײדע פּאָ

*פֿאָרהאַנג.*

# צווייטער אקט.

אַ צימער אין הויז פון אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ.

## ערשטע סצענע.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ אַליין, נאָכדעם קאָטשקאַרעוו.

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

ס'איז אין אמת, אַ גרויסע שווערקייט — דאָס אויסוויילן! ווען ס'וואָלט געווען איין מענטש, צוויי מענטשן, אָבער דאָ זיינען פיר — ווי דו ווילסט, נעם און קלייב. ניקאַנאָר איוואַנאָוויטש איז נישט קיין נאַר, כאָטש, וואָס אמת, צו מאָגערלעך; איוואַן קוזמיטש איז אויך אַ נישקשהדיקער, אָבער אויב זאָגן דעם אמת, איז איוואַן פּאַוולאָוויטש, כאָטש ער איז צו דיק, אויך אַן אָנגעזעענער מאַנספּאַרשוין. היינט, כ'בעט אייך, ווי זאָל דאָ זיין? באַלטאַזאַר באַלטאַזאַראָוויטש איז אַודאי אויך אַ מאַנספּאַרשוין מיט מעלות. ס'איז זייער שווער זיך צו אַנטשליסן; כ'קאָן גאָרנישט אַרויסגעבן, ווי שווער! אויב מ'זאָל נעמען ניקאַנאָר איוואַנאָוויטשעס ליפּן און צושטעלן צו איוואַן קוזמיטשעס נאָז, דערצו נאָך נעמען אַביסעלע ריידעוודיקייט, וואָס ביי באַלטאַזאַר באַלטאַזאַראָוויטשן, און אַגב נאָך צוגעבן צו דעם איוואַן פּאַוולאָוויטשעס דיקקייט — דאַן וואָלט איך זיך תיכּף אַנטשלאָסן. איצט אָבער גיי, קלער! דער קאָפּ האָט פּראָסט אָנגעהייבן ווייצו טאָן. איך מיין, אַז בעסער פון אַלץ איז וואַרפן גורל. פאַרלאָזן זיך אין אַלץ אויף גאָטס ווילן: ווער

עס וועט אויספאַלן, יענער איז דער מאַן, כ'וועל זיי אַלעמען אָנשרייבן אויף פאַפּירלעך, אויפוויקלען אין רערלעך, און זאָל זיין, וואָס עס וועט זיין. *גייט אונטער צום טישל, נעמט אַרויס פון דאָרט אַ שערל און באַפיר, שנײדט אָן צעטלעך און קײקלט צונויף, ריידנדיק ווײטער* אַזאַ אומגליקלעכע לאַגע פון אַ מיידל, בפרט נאָך אַ פאַרליבטער. פון די מענער וועט קיינער עס נישט באַגרייפן, און זיי ווילן דאָס אַפילו נישט פאַרשטיין... אָט זיינען זיי שוין אַלע פאַרטיק! עס בלייבט נאָר זיי אַרייַנצולייגן אין רידיקיול, פאַרזשמורן די אויגן, און זאָל זיין, וואָס עס וועט זיין *לייגט אַריין די צעטלעך אין רידיקול און מישט זיי פונאַנדער מיט דער האַנט* שרעקלעך... אַך, ווען גאָט וואָלט געבן, עס זאָל זיך אַרויסנעמען ניקאַנאָר איוואַנאָוויטש! ניין, פאַר־וואָס עפעס ער? בעסער שוין איוואַן קוזמיטש. פאַרוואָס ווידער איוואַן קוזמיטש? מיט וואָס זיינען שלעכט יענע, אַנדערע?... ניין, ניין, איך וויל נישט... וועלכער ס'וועט זיך אויסקלייבן, יענער זאָל זיין. *גראַבלט מיט דער האַנט אין רידיקיול און נעמט אַרויס, אָנשטאָט איינעם, אַלע* אַך, אַלע! אַלע האָבן זיך אַרויסגענומען! און דאָס האַרץ צאַפּלט אַזוי! ניין, איינעם, איינעם! אומבאַדינקט איינעם! *לייגט אַריין די צעטלעך אין רידיקיול און מישט אויס. אין דערזעלבער צייט גייט אַריין אין דער שטיל קאָטשקאַרעוו און שטעלט זיך פון הינטן* אַך, ווען כ'וואָלט אַרויסגענומען באַלטאַזאַרן... וואָס רייד איך! כ'האָב געוואָלט זאָגן ניקאַנאָר איוואַנאָוויטשן... ניין, איך וויל נישט, איך וויל נישט! וועמען דאָס מזל וועט הייסן.

**קאָטשקאַרעוו**
נעמט זשע בעסער איוואַן קוזמיטשן, ער איז בעסער פון אַלע.

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**
אַך! *טוט אַ געשריי און פאַרשטעלט דאָס געזיכט מיט ביידע הענט, מורא האָבנדיק אַ קוק טאָן אויף הינטן*

אָ ט ש ק אַ ר ע ו

וואָס האָט איר זיך דערשראָקן? שרעקט זיך נישט, דאָס בין איך, אײַן דער אמתן, נעמט איוואַן קוזמיטשן.

אַ ג אַ ט אַ  ט י כ אָ נ אָ ו נ אַ

אַך, איך שעם זיך: איר האָט זיך צוגעהערט.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו

גאָרנישט, ס'שאַדט נישט! איך בין אַן אייגענער, אַ היימישער מענטש; פֿאַר מיר איז נישטאָ זיך וואָס צו שעמען; דעקט זשע אָפּ אייער פּנימל.

אַ ג אַ ט אַ  ט י כ אָ נ אָ ו נ אַ

*עפֿנט האַלב דאָס געזיכט*

ס'איז מיר באמת אַ חרפּה.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו

נו, נעמט זשע איוואַן קוזמיטשן.

אַ ג אַ ט אַ  ט י כ אָ נ אָ ו נ אַ

אַך! *טוט אַ געשריי און פֿאַרשטעלט זיך ווידער מיט די הענט.*

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו

כ'לעבן, אַ וווּנדערבאַרער מענטש, ער האָט זיין פֿאַך פֿאַרפֿולקומט... פּשוט אַ זעלטענער מענטש!

אַ ג אַ ט אַ  ט י כ אָ נ אָ ו נ אַ

*עפֿנט ביסלעכווייז דאָס געזיכט*

ווי אַזוי זשע, און אַן אַנדערער? און ניקאַנאָר איוואַנאָוויטש — ער איז דאָך אויך אַ גוטער מענטש.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו

האָט קיין פֿאַראיבל נישט, דאָס איז אַשפּה אַנטקעגן איוואַן קוזמיטשן.

אַ ג אַ ט אַ  ט י כ אָ נ אָ ו נ אַ

וואָרום זשע?

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו

קלאָר פֿאַרוואָס, איוואַן קוזמיטש איז אַ מענטש... נו, איינפֿאַך אַ מענטש... אַ מענטש, וואָס אַזעלכע וועסטו נישט אויסגעפֿינען.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

נו, און איוואַן פּאַוולאָוויטש?

קאָטשקאַרעוו

און אויך איוואַן פּאַוולאָוויטש איז — מיסט, אַלע זיינען זיי — אַשפּה.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

פאַרוואָס עפּעס אַלע?

קאָטשקאַרעוו

טוט נאָר אַ קלער, פאַרגלייכט נאָר: דאָס איז דאָך — ווי עס זאָל נישט זיין — איוואַן קוזמיטש! און נעמט, אַ שטייגער, וועלכן ס'איז: איוואַן פּאַוולאָוויטש, ניקאַנאָר איוואַנאָוויטש, דער טייוול ווייסט זיי, וואָס דאָס איז אַזעלכעס!

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

זיי זיינען דאָך — נישט אמת? — זייער... באַשיידענע?

קאָטשקאַרעוו

וואָס פאַר אַ באַשיידענע! שלעגער זיינען זיי, אמתע סקאַנדאַליסטן. איר האָט אודאי חשק באַלד אויף מאָרגן נאָך דער חתונה קריגן געשלאָגן.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

אַך, מיין גאָט! דאָס איז שוין געוויס אַזאַ אומגליק, וואָס ערגער פון דעם קאָן שוין נישט זיין.

קאָטשקאַרעוו

נאָך ווי! ערגער פון דעם קאָן מען גאָר נישט אויסטראַכטן.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

איז לויט אייער עצה זאָל איך בעסער נעמען איוואַן קוזמיטשן?

קאָטשקאַרעוו

איוואַן קוזמיטשן; נאַטירלעך, איוואַן קוזמיטשן. אין דער זייט דער עסק גייט, דוכט זיך, אויף אַ וועג. פּאָדקאָלעסין זיצט אין קאָנדיטעריי, מ'דאַרף שנעלער גיין נאָך אים.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

איז רעכנט איר — איוואַן קוזמיטשן?

קאָטשקאַרעוו

אומבאַדינקט איוואַן קוזמיטשן.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

און יענע אַנדערע אָפּזאָגן דען?

קאָטשקאַרעוו

געוויס, אָפּזאָגן.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

אָבער ווי מאכט מען דאָס? כ'שעם מיך עפּעס.

קאָטשקארעוו

וואָס פאַר א שעמען זיך? זאָגט, אז איר זייט נאָך צו יונג און איר ווילט נאָך נישט חתונה האָבן.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

זיי וועלן דאָך אָבער נישט גלויבן, זיי וועלן נעמען פרעגן: פארוואָס און ווי אזוי?

קאָטשקארעוו

נו, אויב איר ווילט זיך אָפּפּארטיקן מיט זיי פאַר איין קלאַפּ, טאָ זאָגט פראָסט: „נעמט דעם דרך, איר גולמס!"

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

ווי קאָן מען עס אַזוי זאָגן?

קאָטשקאַרעוו

פּרוּווט עס, פּרוּווט: איך פאַרזיכער אייך, אַז נאָך דעם וועלן אַלע גלייך נעמען וועג.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

אָבער דאָס וועט אויסקומען גערזידלט.

קאָטשקאַרעוו

איר וועט זיי דאָך מער נישט אָנזען, איז דען נישט אַלצאיינס?

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

ס'איז אָבער עפּעס אַלץ נישט גוט... זיי וועלן דאָך בייז ווערן.

קאָטשקאַרעוו

וואָס פאַר אַן אומגליק, אויב זיי וועלן בייז ווערן?

איבּ דערפון אויסגעקומען, דאַן וואָלט אַרויסגעקומען, דאַן וואָלט געווען אַן אַנדער זאַך; אָבער דאָס גרעסטע וואָס קאָן דאָ זיין איז—טאָמער וועט איינער פון זיי אַ שפיי טאָן אין די אויגן אַרייך, אָט דאָס גאָר.

אַ ג אַ ט אַ  ט י כ אָ נ אָ וו נ אַ

נו, אָט זעט איר!

ק אָ ט ש ק אַ ר ע וו

סאָ וואָס פאַר אַן אומגליק? אַנדערע האָט מען געשפּיגן טעלעכע מאָל, ערן־וואָרט! איך קען אויך איינעם: אַ הערלעכער מאַנספּאַרשוין, פאַרבן שפּילן אויף די באַקן; ער האָט אַזוי לאַנג דערקוטשעט און דערעסן זיין נאַ־טשאַלניק וועגן א לוין־הוספה, אז יענער האָט לסוף נישט אויסגעהאלטן—האָט אים א שפּיי געטאָן גלייך אין פּנים אריין, ערן־וואָרט! „אָט האָסטו דיר,—האָט ער גע־זאָגט - דיין הוספה, טשעפּע זיך אָפּ, שטן דו!" און אויפן געהאלט האָט ער אים פונדעסטוועגן מוסיף געווען. נו, איז וואָס קומט ארויס פון דעם, אז ער וועט א שפּיי טאָן? ס'וואָלט אנדערש געווען, ווען דאָס טיכל וואָלט געלעגן ווייט, אָבער עס ליגט דאָך אָט דאָ, אין טאש—נעמט מען און מען ווישט זיך אָפּ. אין פאַרהויז קלינגט מען מען קלאפּט: עמיצער פון זיי, אוודאי; כ'וואָלט זיך נישט געוואָלט מיט זיי איצט טרעפן. האָט איר דאָ נישט קיין אַנדער ארויסגאנג?

אַ ג אַ ט אַ  ט י כ אָ נ אָ וו נ אַ

פארוואָס נישט, דורך די הינטער־טיר. אָבער איך ציטער ממש.

ק אָ ט ש ק אַ ר ע וו

ס'שאדט נישט, גאָר מוסיק. זייט מיר געזונט! אָן א זייט כ'וועל שנעלער ברענגען צופירן פאָדקאָלעסינען.

## צווייטע סצענע.

### אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ און יאַיטשניצאַ.

יאַטשניצאַ

כ׳בין בפיוון, פריילין, געקומען אביסל פריער, כדי צו ריידן מיט אייך אויג אויף אויג, אין א פאסיקע רגע. נו, פריילין, וואָס איז נוגע מיין ראנג, רעכן איך איז אייך שוין באקאנט: איך דין אלס קאָלעגיען-אסעסאָר, בין באליבט ביי נאטשאלניקעס, די אונטערגעוואָרפענע פאָלגן... עס פעלט נאָר איינס: א חברטע אין לעבן.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

יאָ.

יאַטשניצאַ

איצט געפין איך א חברטע אין לעבן, די חברטע—דאָס זייט איר. זאָגט גלייך: יאָ, אָדער ניין? קוקט איר אין די אקסלען אריין, און א זייט אָ, זי איז נישט דאָס, וואָס, חוי עס טרעפט, די מאָגערע דייטשקעס—ס׳איז פאראן עפעס.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

כ׳בין נאָך זייער יונג... כ׳בין נאָך נישט אויפגעלייגט חתונה צו האָבן.

יאַטשניצאַ

וואָס הייסט, און נאָך וואָס טומלט זיך די שדכנטע? נאָר, קאָן זיין, איר ווילט עפעס אנדערש זאָגן—זאָגט, זאָגט... עס הערט זיך דאָס גלעקל צו אַלדי רוחות! מ׳לאָזט בשום אופן נישט צו פארנעמען זיך מיט דער זאך.

# דריטע סצענע.

## ריזעלבע און זשעוואַקין.

זשעוואַקין

אנטשולדיקט, פריילין, וואָס כ׳בין אפשר צו פרי בעקומען קערט זיך אוים אין דעריעט יאַטשניצאַן אך, שוין פאראן... מיין אכטונג, איוואן פאולאָוויטש!

יאַטשניצאַ

אין א זייט

גיי אין דער אדמה מיט דיין אכטונג! העכער נו, וואָס

פריילין? זאָגט וואָר איין וואָרט: יאָ, צי ניין? עס הערט זיך דאָס „יעקל“ יאַטשניצאַס שפּיט פון כּנס ווידער דאָס גלעקל.

## פערטע סצענע.

### דיזעלבע און אַנוטשקין.

אַנוטשקין

קאָן זיין, פריילין, אַז כ׳בין געקומען פריער ווי עס דאַרף זיין און ווי עס דיקטירט די פליכט פון אַנשטענ־דיקייט... דערזעענדיק די איבעריקע, מאַכט ער אַן אויסגעשריי און פאַרנייגט זיך מיין אַכטונג!

יאַיטשניצאַ

צו א זייט

האַלט זיך מיט דיין אַכטונג! שדים האָבן דיך אַהער געבראַכט. האָסט געמעגט דיינע דאַרע פיס צוברעכן!

הויכער נג, פריילין, ווי וועט איר באַשליסן, — איך בין אַ פאַרנומענער מענטש, קיין סך צייט האָב איך נישט — יאָ, אָדער ניין?

אַגאַפיאַ טיכאָנאָוונאַ

אין פאַרלעגנהייט

מען דאַרף נישט... מען דאַרף נישט... אין דער זייט איך פאַרשטיי גאָרנישט, וואָס איך רייד.

יאַיטשניצאַ

וואָס הייסט „מען דאַרף נישט“? אין וועלכער זינען דאַרף מען נישט?

אַגאַפיאַ טיכאָנאָוונאַ

גאָרנישט, גאָרנישט... כ׳האָב נישט געמיינט... אַנטלויפנדיק זיך מיט מוט אַרויס פון דאַנען!... אין דער זייט, אַ פּאַטש פּוצנדיק מיט די הענט אַך, גאָט מיינער! וואָס האָב איך עס געזאָגט?

יאַיטשניצאַ

וואָס הייסט „אַרויס פון דאַנען”? וואָס באַטייט עס: „אַרויס פון דאַנען”? דערלויבט מיר צו וויִסן, וואָס איר פאַרשטייט אונטער דעם. אַנגעמאַכנדיק זיך מיט ביידע הענט בײַ די זייטן, גייט ער צאָרנדיק צו צו איר

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

אַ שפּיר טוענדיק אים אין פּנים, שרייט זי אויס

אוי, ער גייט מיך שלאָגן! אַנטלויפט. יאַיטשניצאַ שטייט מיט אַן אויפגעעפנטן מויל. אויפן געשריי לויפט אריין ארינאַ פּאַנטעלייעמאָנאָווגאַ, און, אַ קוק טוענדיק אויף זיין געזיכט, טוט זי אויך אַ געשריי: „געוואַלט, ער גייט זיך שלאָגן”! און אַנטלויפט

יאַיטשניצאַ

אַ שיינע מעשה, כ׳לעבן! נאַט אייך אַ ביסל אַ געשיכטע! אין טיר קלינגט דאָס גלעקל; עס הערן זיך שטימען.

קאָטשקאַרעווס שטים

קום שוין, קום אַריין, וואָס ביסטו שטיין געבליבן?

פּאָדקאָלעסינס שטים

גיי דו אַריין פריער, איך וועל נאָר אויף אַ מינוט: כ׳וועל זיך אין אָרדנונג ברענגען. ס׳האָט זיך מיר אונטן דאָס רימענדל אָפּגעשפּילעט.

קאָטשקאַרעווס שטים

אָבער דו וועסט ווידער נעלם ווערן.

פּאָדקאָלעסינס שטים

ניין, כ׳וועל נישט נעלם ווערן. ערן-וואָרט, כ׳וועל נישט נעלם ווערן!

## פינפטע סצענע.

### דיזעלבע און קאָטשקאַרעוו.

קאָטשקאַרעוו

נו, זעט, מ׳האָט נויטיק באַדאַרפט פאַררייכטן דאָס רימענדל.

יאַנטשניצאַ
(ווענדנדיק זיך צו איִם)

זאָגט מיר, איך בעט אייך, די כּלה איז אַ נאַר, צי וואָס?

קאָטשקאַרעוו

וואָס איז? האָט דען עפּעס געטראָפֿן?

יאַניטשניצאַ

עפּעס אַן אומפֿאַרשטענדלעך האַלטן־זיך: איז אַרויסגעלאָפֿן, האָט אָנגעהייבן געוואַלטעווען: „ער גייט מיך דערשלאָגן, דערהרגענען!” דער טייוול ווייסט, וואָס דאָס איז אַזוינס!

קאָטשקאַרעוו

נו יאָ, דאָס איז שוין מיט איר אַזוי! זי איז אַ נאַרישעוואַטע.

יאַניטשניצאַ

זאָגט נאָר, איר זייט דאָך איר אַ קרוב?

קאָטשקאַרעוו

אַוודאי, אַ קרוב.

יאַניטשניצאַ

וואָס פֿאַר אַ קרוב? דערלויבט מיר צו וויסן.

קאָטשקאַרעוו

כ'ווייס באמת נישט; מיין מוטערס מומע איז עפּעס מיט איר פֿאָטער, אָדער איר פֿאָטער איז עפּעס מיט מיין מומען; וועגן דעם ווייס די פֿרוי מיינע, — דאָס איז זייער עסק.

יאַניטשניצאַ

שוין לאַנג ווי איך איר איז דער נאַר אַריין?

קאָטשקאַרעוו

נאָך פֿון סאמע קינדהייט.

יאַניטשניצאַ

נו, געוויס, בעסער וואָלט געווען, ווען זי איז קליגער; נאָר איבעריגנס, אפילו אַ נאַר איז זי אויך גוט: וואָלטן נאָר די צוגאַב־ארטיקלען זיין אין גוטער אָרדנונג.

קאָטשקאַרעוו

זי פאַרמעגט דאָך גאָרנישט.

יאַנטשניצאַ

וואָס הייסט, און דער מויער?

קאָטשקאַרעוו

עס הייסט נאָר מויער. ווען איר וואָלט וויסן ווי אַזוי ער איז געבויט געוואָרן: די ווענט זיינען נאָר פון אויסגעוויינטע אויף איין ציגל בלויז אַרויסגעשטעלט, און אינעווייניק געפינען זיך אַלע צרות — מיסט, שפענער, אָפפאַל.

יאַנטשניצאַ

וואָס רעדט איר?

קאָטשקאַרעוו

פאַרשטייט זיך. איר ווייסט דען נישט, ווי אַזוי מען בויט היינט הייזער? אַבי נאָר אין לאָמבאַרד צו פאַרזעצן.

יאַנטשניצאַ

פונדעסטוועגן, דאָס הויז איז דאָך נישט פאַרזעצט!

קאָטשקאַרעוו

ווער האָט עס אייך געזאָגט! אין דעם גייט עס טאַקע, וואָס נישט נאָר עס איז פאַרזעצט, נאָר אפילו פאַר צוויי יאָר פראָצענטער איז נאָך נישט אויסגעצאָלט געוואָרן. דערצו איז נאָך אין סענאַט פאַראַן אַ ברודער, וועלכער האָט אויך אַן אויג אויף דאָס הויז — אַזאַ בעל-מחלוקת, ווי ער, האָט נאָך די וועלט נישט באַשאַפן: פון דער אייגענער מוטער וואָלט ער דאָס לעצטע קליידל אַראָפּגענומען, דער אַכזר.

יאַנטשניצאַ

טאָ וואָס האָט זי אָנגעפלוידערט, די אַלטע שדכנטע... אַך, ס'אַרא מין קליפה דאָס איז, אזאַ מין אויסוואורף פון מענטשלעכן געזעלע... אַן אַ זייט פונדעסטוועגן, קאָן זיין אַז ער באַקט ליגן. כ'וועל נעמען אונטער אַ שטרענגן פאַרהער די אַלטע! און אויב נאָר ס'איז אמת... נו... וועט

זי שוין ביי מיר האָבן צו זינגען און צו זאָגן...

אַנוטשקין

דערלויבט מיר אויך, אייך צו באַאומרויִקן מיט אַ פראַגע, כ׳בין זיך מודה, ניִשט קענענדיק די פראַנצויזיִשע שפראַך, איז מיר זייער שווער אַליין צו משפטן, צי קען אַ פּרויענצימער פראַנצויזיש, צי ניִשט. ווי איז די בעל־הביתטע פון דאַנען? זי קען?...

קאָטשקאַרעוו

ווי מיין ליִנקער פוס.

אַנוטשקין

וואָס רעדט איר?

קאָטשקאַרעוו

וואָס הייסט, דאָס ווייס איך זייער גוט. זי האָט זיך געלערנט צוזאַמען מיט מיין פרוי אין אַ פּאַנסיאָן. זי איז געווען אַ באַרימטע פוילערקע, שטענדיק איז זי אין אַ לעקישעוואַטן היטעלע געזעסן. און דער פראַנצויזישער לערער האָט זי פשוט מיט אַ שטעקן געשלאָגן.

אַנוטשקין

שטעלט אייך פאָר, אַז באַלד דאָס ערשטע מאָל, וואָס כ׳האָב זי געזען, האָב איך שוין געהאַט עפּעס אַ פאָר־געפיל, אַז זי קען נישט קיין פראַנצויזיש.

יאַיטשניצאַ

נו, כאַפט דער טייוול דאָס פראַנצויזיש! אָבער די פאַרשאָלטענע שדכנטע... אַך דו בעסטיע איינע, מכשפה דו! ווען איר וואָלט געוווסט מיט וואָס פאַר א ווערטער זי האָט אַלץ אָפגעמאָלט, — אַ מאַלער, אַן אמתער מאַלער, כ׳לעבן! „אַ הויז, אַ פליגל, — זאָגט זי, — אויף פונדאַמענטן, זילבערנע לעפל, אַ שליטן — כאַפּט נעם זעץ זיך און שליטל זיך!” מיט איין וואָרט, אין אַ ראָמאַן איז זעלטן צו געפינען אַזאַ זייטל. אַך דו אַלטע באָדעשוועו! ווען איך באַק דיך נאָר אין מיינע הענט...

# זעקסטע סצענע.

דיזעלבע און טעקלאַ. אלע, דערזעענדיק זי, חענדרן זיך צו איר מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

יאַניטשניצאַ

אַ! אָט איז זי! קום נאָר אָקאָרשט אַהער, דו אַלטע פאַרפירערין! קום אָקאָרשט אַהער!

אַגוטשקין

אַזוי האָט איר מיך דאָס אָפּגענאַרט, טעקלאַ איוואַנאָווגאַ?

קאָטשקאַרעוו

עי, קום נאָר, וואַרוואַראַ, אויף אַ משפּט!

טעקלאַ

כ׳קאָן קיין וואָרט נישט פאַרשטיין: האָבן מיך אינגאַנצן פאַרטויבט.

יאַניטשניצאַ

דאָס איז געבויט געוואָרן נאָר אויף איין ציגל, דו אַלטע פּאָדעשווע! און דו האָסט אָנגעבאַקט ליגן: ס׳איז נאָך מיט אַן אויבערשטן שטאָק און דער רוח ווייסט מיט וואָס.

טעקלאַ

ווייס איך דען, נישט איך האָב עס געבויט. קאָן זיין, ס׳איז נויטיק געווען אויף איין ציגל, איז עס דערפאַר אַזוי געמאַכט געוואָרן.

יאַניטשניצאַ

און דערצו איז עס נאָך פאַרזעצט אין לאָמבאַרד! וואָלטן דיך שדים אויפגעפרעסן, פאַרשאָלטענע מכשפה! טופּענדיק מיטן פוס

טעקלאַ

קוקט אים נאָר אָן, ער זידלט זיך נאָך. אַן אַנדערער וואָלט באַדאַנקט, וואָס כ׳האָב געזאָרגט פאַר אים.

אַגוטשקין

יאָ, טעקלאַ איוואַנאָוונאַ, מיר האָט איר אויך אָנגעפּלוישט, אַז זי קען פראַנצויזיש.

קלאַ

זי קען, מיין ליבער! אַלץ קען זי, סיי דייטשיש און סיי אַלץ, וועלכע מאַניערן דו ווילסט — אַלץ קען זי.

אַנוטשקין

עט, ניין. דוכט, זי קען נאָר ריידן רוסיש.

טעקלאַ

טאָ וואָס פֿאַר אַ בייז? ס׳איז מער פֿאַרשטענדלעך אויף רוסיש, רעדט זי רוסיש. ווען זי וואָלט גערעדט טערקיש, וואָלט פֿאַר דיר געווען ערגער, דו וואָלסט אַליין פֿאַרשטאַנען אַ פֿייג. כ׳לעבן, נישטאָ דאָ וואָס צו טענהן איבערן רוסישן לשון — מ׳ווייס וואָסערער דאָס איז: אַלע הייליקע האָבן גערעדט רוסיש.

יאַיטשניצאַ

קום נאָר אָקאָרשט אַהער, דו פֿאַרשאָלטענע, קום נאָר צו מיר!

טעקלאַ

*פּאַרנדיק זיך נענטער צו דער טיר*

וויל איך נישט צו־גיין. כ׳קען דיך שוין: ביסט אַ בייטערער מענטש. קאָנסט פֿאַר גאָרנישט נעמען שלאָגן.

יאַיטשניצאַ

נו, וואַרט, וואַרט, טייבעלע, דאָס וועט דיר גלאַטיק נישט אָפּגיין. אָט אָט איך וועל דיך אַוועקשלעפּן אין פּאָליציע, וועסטו שוין ביי מיר וויסן ווי אַזוי אָפּצונאַרן ערלעכע מענטשן. אָט וועסטו זען! און דער כּלה זאָג, אַז זי איז — אַ געמיינע בריאה! הערסט, אומבאַדינקט זאָג עס איר! *גייט אַרויס*

טעקלאַ

קוקט אים נאָר אָן, ווי ער איז אין כּעס געוואָרן אַביסל! אַז ער איז גראָב, מיינט ער, אַז קיינער איז שוין צו אים נישט גלייך. און איך זאָג, אַז דו ביסט אַליין אַ געמיינער יונג, אָט וואָס!

**אַבּוּטשקין**

כ׳בין זיך מודה, מײן טײערע, אַז כ׳האָב בשום אופן ניִשט געקלערט, אַז איִר זאָלט קענען אַזוי אָפּנאַרן. ווען איך ווײס, אַז דיִ כּלה באַזיצט אַזאַ בילדונג, וואָלט איך דאָ... וואָלט מײן פוס אַפילו דאָ ניִשט געווען. אָט וואָס!

גײט אַרויס

**טעקלאַ**

מיט סם־קרײטעכצער זיך אָנגעפּרעסן, אָדער האָבן צופּיל גלעזלעך אַרײנגעכאַפּט. זע נאָר, זע! ס׳אַראַ איבערקלײ־בערס גאָר. דיִ נאַריִשע „גראַמאָטע" האָט זיי פון זיִנען אַראָפּגעפירט.

## זיִבעטע סצענע.

### טעקלאַ, קאָטשקאַרעוו און זשעוואַקין.

**קאָטשקאַרעוו**

לאַכט פון גאַנצן האַרצן, קוקנדיִק אויף טעקלאַן און ווײַזנדיק אויף איִר מיִטן פינגער

**טעקלאַ**

מיִט פאַרדרוס

וואָס רײַסטו זיִך אַזוי דעם האַלדז?

**קאָטשקאַרעוו**

לאַכט ווײַטער

**טעקלאַ**

אָ־האָ, ווי ס׳האָט אים אָנגעשפּאַרט!

**קאָטשקאַרעוו**

אָט אַ שדכנטע, אַ שדכנטע! איִז אַ קינצלפירין חתונה צו מאַכן, ווײס ווי מ׳פיִרט דאָס עסק! קײכט ווײַטער

**טעקלאַ**

ווי ס׳שטופּט אים דאָס געלעכטער! מסתמא האָט בײַ דײַן פאַרשטאָרבענער מוטער זיִך דער שכל איִבערגע־אַרײַט, בעת זי האָט דיך געבוירן. גײט אַוועק מיִט פאַרדרוס

## אכטע סצענע.

### קאַטשקאַרעוו, זשעוואַקין.

**קאַטשקאַרעוו**
(קייכט הייסער)
אַך, איך קאָן נישט, באמת איך קאָן נישט! די כּחות וועלן נישט אויסהאַלטן; איך פֿיל, אַז איך וועל פּלאַצן פֿון געלעכטער! (קייכט ווייטער)

**זשעוואַקין**
(קוקנדיק אויף אים, הייבט אויך אָן לאַכן)

**קאַטשקאַרעוו**
(וואַרפֿט זיך מיד אויף אַ שטול)
אָך, כ'האָב פּשוט קיין כּחות נישט. איך פֿיל, אַז אויב כ'וועל זיך נאָך אַמאָל צולאַכן, גייען מיר אויס די לעצטע כּחות.

**זשעוואַקין**
עס געפֿעלט מיר זייער אייער פֿריילעכער כאַראַקטער. ביי אונז אין עסקאַדרע פֿון קאַפּיטאַן באָלדאַרעוו איז געווען אַ מיטשמאַן, פּעטוכאָוו, אַנטאָן איוואַנאָוויטש: האָט אויך געהאַט אַזאַ פֿריילעכע נאַטור. פֿלעגט טרעפֿן, — ער דאַרף קיין סך נישט האָבן, — דו ווייזט אים נאָר איין פֿינגער, שיסט ער גלייך אויס אין אַ געלעכטער, און, ערן=וואָרט, ביזן סאַמע אָוונט פֿלעגט ער אַזוי קאָנען אָפּלאַכן. נו, און קוקנדיק אויף אים, פֿלעגט טרעפֿן, אַז די זייטיקע אַליין פֿלעגט אויך ווערן לעכערלעך. מ'קוקט אויף אים און לסוף צולאַכט מען זיך אויך אַזוי ווי ער.

**קאַטשקאַרעוו**
(כאַפּנדיק דעם אָטעם)
אָך, גאָט, זיי זשע מוחל אונז, זינדיקע! נו, וואָס איז איר איינגעפֿאַלן, דער בהמה! ווי קומט זי חתונה מאַכן? קען זי דען חתונה מאַכן? אָט אַז איך וועל חתונה מאַכן, וועט זיין חתונה געמאַכט!

זשעוואַקין

ניין! קאָנט איר טאַקע? אָן שפּאַס חתונה־מאַכן?

קאָטשקאַרעוו

נאָך ווי! ווען איר ווילט און מיט וועמען איר ווילט נאָר!

זשעוואַקין

אויב אַזוי, טאָ מאַכט מיך חתונה מיט דער ווירטין פון דאַנען.

קאָטשקאַרעוו

אייך? צו וואָס דאַרפט איר חתונה האָבן?

זשעוואַקין

וואָס הייסט צו וואָס? דערלויבט מיר צו באַמערקן, ס׳איז אַביסל אַ מאָדנע שאלה! ס׳איז אַ גאַנץ באַקאַנטע זאַך צוליב וואָס.

קאָטשקאַרעוו

איר האָט דאָך אָבער געהערט, זי האָט קיין נדן נישט

זשעוואַקין

נישטאָ — איז אויך פאַרפאַלן. געוויס, איז עס נישט אַזוי פויגלדיק; אָבער, איבעריגנס, מיט אַזאַ חנעוודיק מיידל, מיט איר באַנעמונג, קאָן מען אַדורכלעבן אָן נדן אויך. אַ צימערל נישט קיין גרויס גיט אַ מעסט אַלס אַ ביישפּיל מיט די הענט אַ קליינטשיק אויפנאַם־חדרל, אַ קליינע שירם־ווענטל, אָדער אזא מין הישפּאַניש ווענטל...

קאָטשקאַרעוו

וואָס איז אייך אין איר אזוי געפעלן געוואָרן?

זשעוואַקין

זאָגן אייך דעם אמת, איז זי מיר געפעלן געוואָרן דערפאַר, וואָס זי איז אַ פולע פרויענצימער. כ׳בין אַ גרויסער אַמאַטאָר פון פרויען־דיקקייט.

קאָטשקאַרעוו

קוקנדיק אויף אים פון דער קרים, רעדט אַ פּ ויט

נו, אליין האָט ער זיך קיין נישט מיט וואָס איבערצוי־

געמען; גלייך ווי אַ בייטל, פון וועלכן מ'האָט דעם טאָג באַק אויסגעטרייסלט. העכער ניין, איר דאַרפט איבערהויפט נישט חתונה האָבן.

זשעוואַקין

וואָס הייסט?

קאָטשקאַרעוו

אַזוי, צווישן זיך גערעדט, וואָס פאַר אַ פיגור האָט איר? אַ הענערשער פוס...

זשעוואַקין

אַ הענערשער פוס?

קאָטשקאַרעוו

אַוודאי, ווי דען זעט איר אויס?

זשעוואַקין

סטייטש, ווי איז עס פונדעסטוועגן — אַ הענערשער פוס!

קאָטשקאַרעוו

פשוט אַ הענערשער פוס.

זשעוואַקין

מיר שיינט, אַז, פונדעסטוועגן, האַנדלט זיך עס בנוגע דער פערזענלעכקייט...

קאָטשקאַרעוו

איך זאָג עס דאָך דערפאַר, ווייל איך ווייס, אַז איר זייט אַ פאַרשטענדיקער מענטש; קיין אַנדערן וועל איך דאָס נישט זאָגן. אייך וואָלט איך יאָ געקענט חתונה מאַכן, אָבער מיט אַן אַנדערער.

זשעוואַקין

ניין, כ'וואָלט אייך געבעטן, מיט קיין אַנדערער מיך נישט חתונה צו מאַכן. זייט זשע אַזוי פריינטלעך און מאַכט מיך חתונה מיט דער דאָזיקער.

קאָטשקאַרעוו

ביטע, ביטע, כ'וועל אייך חתונה מאַכן, אָבער מיט אַ תנאי: איר מוזט זיך נישט אין קיין זאַך און ווייזט זיך אַפילו נישט דער כלה פאַר די אויגן — כ'וועל

אַלץ טאָן אָן אייך.

**זשעוואַקין**

אָבער ווי קאָן מען דאָס פֿונדעסטוועגן אַלץ אָן מיר? פֿונדעסטוועגן דאַרף איך זיך דאָך ווייזן כאָטש פֿאַר די אויגן.

**קאָטשקאַרעוו**

מ׳דאַרף עס גאָרנישט. גייט אַהיים און וואַרט: היינטיקן אָוונט וועט אַלץ געטאָן ווערן.

**זשעוואַקין**

רייבט זיך די הענט

אָט דאָס וואָלט שוין איינמאָל גוט געווען! אָבער צי דאַרף מען נישט מיין אַטעסטאַט? דעם אַמט-פּאַפּיר? אפשר וועט די כלה זיין נייגעריק צו וואַרפֿן דערויף אַ בליק? כ׳וועל נאָך זיי אַ לויף-טאָן אויף אַ רגע׳לע.

**קאָטשקאַרעוו**

מ׳דאַרף קיין זאַך נישט, גייט נאָר אַוועק אַהיים; כ׳וועל אייך היינט נאָך געבן צו וויסן בשלימות אום פרייס יאָ, צו אַלדי שוואַרץ יאָר, נישט יום-טובדיק! וואָס זאָל עס זיין? וואָס קומט נישט פאָדקאָלעסין? דאָס איז פֿונדעסט-וועגן משונהדיק, צי דען פֿאַרריכט ער זיך נאָך אַלץ דאָס רימענדל? צי זאָל איך נישט אַ לויף-טאָן נאָך אים?

## ניינטע סצענע.

### קאָטשקאַרעוו. אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ.

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

אַרומקוקנדיק זיך

וואָס, זיי זיינען אַוועק? קיינער נישטאָ?

**קאָטשקאַרעוו**

אַוועק, אַוועק. קיינער נישטאָ.

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

אַך, ווען איר וואָלט געוווּסט, ווי איך האָב איבגעאַטעמט

גשציטערט. אַזעלכעס איז נאָך מיט מיר קיינמאָל ניט געשען. אָבער ס׳אַראַ שרעקלעכער מענטש עס איז, דער דאָזיקער יאַיטשניצאַ; וואָס פאַר אַ טיראַן דאַרף ער זיין פאַר אַ ווייב. מיר דוכט זיך אַלץ, אַז ער וועט זיך באַלד אומקערן.

קאָטשקאַרעוו

אָ, ער וועט זיך פאַר קיין פאַל ניט אומקערן. כ׳וואָלט מיין קאָפּ לייגן, אויב עמיצער פון די ביידן וועט דאָ דעם נאָז אַריינשטעקן.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונא

און דער דריטער?

קאָטשקאַרעוו

וועלכער דריטער?

זשעוואַקין

אַריינרוקנדיק דעם קאָפּ אין טיר

ס׳ווילט זיך שרעקלעך וויסן, ווי האָט זי זיך אַרויסגעזאָגט וועגן מיר מיט איר מיילכעלע... די פּראַכטפולע רויז.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

און באַלטאַזאַר באַלטאַזאַראָוויטש?

זשעוואַקין

אָט! אָט! אָט! ראַיבט זיך די הענט

קאָטשקאַרעוו

פע, אַ גאָרנישט! כ׳האָב געמיינט, כ׳ווייס וועגן וועמען איר רעדט. ס׳איז דאָך, דער רוח ווייס וואָס, אַ געפערלעכער שוטה!

זשעוואַקין

וואָס אַזעלכעס? דאָס, זעט איר, פאַרשטיי איך שוין בשום אופן ניט.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

לויטן אָנבליק ווייזט ער אויס צו זיין אַ זייער גוטער מענטש.

קאָטשקאַרעוו

אַ שכור.

**זשעוואַקין**

ערן-וואָרט, כ'פאַרשטיי ניִשט.

**אַגאַטאַ טיִכאָנאָוונאַ**

צי דען גאָר אַ שכור?

**קאָטשקאַרעוו**

וואָס רעדט איר, אן אמתער אויסוואורף!

**זשעוואַקין**

*הויך*

ניין, זייט מוחל, דאָס האָב איך אייך פאר קיין פאל ניִשט געבעטן צו ריידן. עפּעס עס איז ארייננווארפן לטובת מיין פּראָפיט, א רים-טאָן — דאָס איז עפּעס אַנדערש, אָבער גיין אויף אזא אופן, מיִט אזעלכע ווערטער, דאָס מעגט איִר סיידן אנדערע טאָן, אָבער נישט מיר.

**קאָטשקאַרעוו**

*אַן אַ זייט*

ווי אזוי האָט עס איִם געטריבן זיך אומצוקערן. *צו אַגאַטאַ טיִכאָנאָוונאַ אין דער שטיִל* זעט נאָר, זעט, ער קאָן זיך אויף די פיס נישט האלטן. ער פאלט פון די פיס, ווי א שכור. טרייבט אים דורך און — אַראָפּ פון מאַרק! *אַן אַ זייט* און פּאָדקאָלעסין איז נאָך אלץ ניִשטאָ. ס'ארא שלאַק! איך וועל זיך שוין אָן אים נוקם זיין. *גייט אַוועק.*

## צענטע סצענע.

### אַגאַטאַ טיִכאָנאָוונאַ און זשעוואַקיִן.

**זשעוואַקיִן**

*אַן אַ זייט*

האָט צוגעזאָגט צו רימען, און אַנשטאָט דעם האָט ער אויסגעזידלט *אויפן קול* איר, פּרייליין, גלויבט עס נישט.

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

אנטשולדיקט, כ'שפיר מיך עפּעס נישט מיט אלעמען...

דער קאָפּ טוט מיר וויי. חיל אוועקגיין.

זשעוואַקין

קאָן זיין, אַז עפּעס געפעלט אייך נישט אין מיר? אנדיייזנדיק אויפן קאָפּ איר קוקט נישט אויף דעם, וואָס איך האָב דאָ אַ קליינינקן פליך: דאָס איז גאָרנישט, דאָס איז פון אַ פיבער; די האָר וועלן גלייך אָפּוואַקסן.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

מיר איז אַלצאיינס, וואָס ביי אייך זאָל נאָשט זיין.

זשעוואַקין

ביי מיר, פריילייין... אויב כ׳זאָל אָנטאָן אַ שוואַרצן פראַק, וועט דאָס געזיכט זיין ווייסער.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

איז פאַר אייך בעסער. אַ גוטן טאָג! אָפּ.

## עלפטע סצענע.

זשעוואַקין אליין, רעדט נאָך איר

פריילייין, אַנטשולדיקט — זאָגט מיר די סיבה פאַרוואָס? פאַר־וועןי? צי דען איז אין מיר פאַראַן עפּעס אַ וויכ־טיקער פעלער? אַוועק איז זי. אַ זייער משונהדיקער פאַל. ס׳האָט שוין אַזוי געטראָפן אַודאי אַמאָל זיבעצען, און אַלץ אויף דעמזעלבן אופן; לכתחילה, דוכט זיך, גייט אלץ כשורה, אָבער אַז עס קומט שוין אויפן סאַמע דרך— איז נאַ דיר! מען זאָגט אָפּ. גייט אום פאַרטראַכט איבערן צימער יאָ... די דאָזיקע וועט שוין זיין אַזוי גוט ווי די זיבע־צענטע כלה! וו אָ ס פונדעסטוועגן ווילט זיך איר? וו אָ ס געפעלט איר נישט, אַ שטייגער... — ווייס איך וואָס... אַ קלער טועָנדיק אומפאַרשטענדלעך, ממש אומפאַרשטענדלעך! ווען כ׳וואָלט געווען מיט עפּעס נישט אין אָרדנונג—זאָג איך. באַקוקט זיך דוכט, דאָס קאָן מען נישט זאָגן. די נאַטור האָט מיך, גאָט צו דאַנקען, נישט פאַרשעמט. כ׳פאַרשטיי

עס ניִשט! אפשר זאָל איך אַ גיי־טאָן צוויים און זיך אַ גראַבל טאָן אין קעסטל? דאָרט האָב איך געהאַט ליִגן לידלעך, וואָס אַנטקעגן זיי וועט קיין איינע, אַ פּנים, נישט באַשטיין... ערן־וואָרט, דער מוח באַגרייפט עס ניִשט! פון אָנהייב, דוכט זיִך, איִז עס געגאַנגען אויף אַ וועג... ווייזט־אויס, אַז מען דאַרף צוריק פאַרדרייען דעם דיִשעל. אַ שאָד, אַן אמתער שאָד... אָפּ.

## צוועלפטע סצענע.

פאָרקאָלעסין און קאָטשקאַרעוו. קימאַט ארײַן אין ביידע קוקן זיִך ארום אויף הינטן.

קאָטשקאַרעוו

ער האָט אונז נישט באמערקט. האָסט געזען, מיט וואָס פאַר אַ לאַנגן נאָז ער איִז אַרויס?

פאָדקאָלעסיִן

ציִ דען האָט מען אים אויך אָפּגעזאָגט, ווי יענע?

קאָטשקאַרעוו

קורץ און שאַרף.

פאָדקאָלעסין

מיט אַ זעלבסטצופריִדן שמייכל

ס׳מוז, פונדעסטוועגן, זיין נישט אַזוי געשמאַק, אויב מ׳זאָגט אָפּ.

קאָטשקאַרעוו

נאָך ווי!

פאָדקאָלעסיִן

איִך גלויב נאָך אַלץ נישט, זי זאָל אָפן זאָגן, אַז איך געפעל איר בעסער פון אַלעמען.

קאָטשקאַרעוו

וואָס שייך געפעלן! זי איִז צוליב דיר פשוט צומישט. אַזאַ ליִבע: ס׳אַראַ נעמען זי האָט דיר געגעבן, ס׳אַראַ פלאַם — כ׳זאָג דיר, זי ברענט.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

*שמייכלענדיק צופרידן*

נו, יאָ, אין דער אמתן, אז א פּראָוינציעלער וויל, קען זי אַלצדינג זאָגן! דאָס גאַנצע לעבן וואָלט עס דיר גאָר־נישט איינגעפאַלן: מאָרדעלע, טאַראַקאַנדעלע, שוואַרצ־קימעלע...

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו

נאָר דאָס אַליין? אָט אַז דו וועסט חתונה האָבן, וועסטו זען אין די ערשטע צוויי חדשים וואָס פאַר אַ סדרה ווערטער עס וועט אַוועקגיין; כ׳זאָג דיר, ברודער, וועסט פּראָסט צוגיין.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

*לאַכנדיק*

אַזוי גאָר?

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו

אויף מיין ערלעכקייט! פּונדעסטוועגן, זאָלג מיך אַצינד, לאָמיר צוטרעטן גלייך צום ענין. ערקלער זיך פאַר איר און אַנטפּלעק פאַר איר די רגע דאָס האַרץ און בעט איר האַנט.

פּ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

אָבער די רגע גאָר? וואָס רעדסטו!

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו

אומבאַדינגט די מינוט... שאַ, אָט איז זי אַליין דאָ.

## דרייצענטע סצענע.

### דוזשעכבע און אגאַטא טיכאָנאָוונא

ק אָ ט ש ק אַ ר ע ו

כ׳האָב צו אייך געבראַכט, פריילין, אַ שטערבלעך־פאַר־ליבטן, ווען איר זעט דאָ, ס׳איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזאַ פאַרליבטער, פּראָסט, זאָל גאָט אויסהיטן קיין שונא נישט צו ווינטשן...

פּאָדקאָלעסין

שטויסנדיק אים אונטערן האַנט, שטיל

נו, האָסט שוין, ברודערל, דוכט זיך, איבערגעכאַפּט די מאָס.

קאָטשקאַרעוו

צו אים

ס'שאַדט נישט, ס'שאַדט נישט! צו איר שטיל זייט אַ ביסל דרייסטער, ער איז זייער אַ שטילער, באַמיט זיך צו זיין, ווי ווייט מעגלעך, פרייער. טוט אַ ביסעלע אַ ריר מיט די ברעמען, אָדער אַ וואָרף מיט די אויגן און טרעפט אים, דעם גנב, גלייך אין האַרץ אַריין, אָדער טוט אים ווי עס איז אַ ווייז אַן אָפּענעם אַקסל און זאָל ער, דער שלאַק, כאַפּן אַ קוק! אַ שאָד, איבעריגנס, וואָס איר האָט נישט אָנגעטאָן אַ קלייד מיט קורצע אַרבל; אָבער, איבעריגנס, דאָס דאָזיקע איז אויך גוט. העכער נו, איך לאָז אייך איבער אין אָנגענעמער געזעלשאַפט! כ'וועל נאָר אַ רגעלע אַ קוק טאָן בײַ אייך אין עס-צימער און אין קיך: מען דאַרף זען אויפּפאַסן — באַלד וועט קומען דער אָפיציאַנט, בײַ וועמען מ'האָט באַשטעלט אָוונט-ברויט; קאָן זיין, אַז, אויך וויין איז געבראַכט געוואָרן... צוםווידערזען! צו פּאָדקאָלעסינען דרייסטער! דרייסטער! אָפּ.

## פּערצענטע סצענע.

### פּאָדקאָלעסין און אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

כ'בעט אייך זייער, זיצט!

זיי זעצן זיך און שווייגן

פּאָדקאָלעסין

איר האָט עפּעס ליב, פריילין, צו שיפן זיך?

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

וואָס הייסט זיך שיפֿן?

פּאָדקאָלעסין

אויף דאַטשע איז זייער גוט זומער צו שיפֿן זיך אין אַ שיפֿל.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

יאָ אַמאָל שפּאַציר איך זיך דורך מיט באַקאַנטע.

פּאָדקאָלעסין

וואָס פֿאַר אַ זומער עס וועט זיין — ווייס מען נישט

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

ס׳איז געווונטשן, ס׳זאָל זיין אַ גוטער.

*ביידע שווייגן*

פּאָדקאָלעסין

וואָס פֿאַר אַ בלום, פֿרײַלין, האָט איר מער ליב?

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

וועלכע עס שמעקט שטאַרקער — די נעלקע.

פּאָדקאָלעסין

צו דאַמען פּאַסן זיך זייער בלומען.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

יאָ, אַן אַנגענעמע באַשעפֿטיגונג. *א שווייגן* אין וועלכער קירך זייט איר געוועזן דעם פֿאַרגאַנגענעם זונטאָג?

פּאָדקאָלעסין

אין דער וואָזנעסענסקער, אָבער פֿאַראַכטאָגן בין איך געוועזן אין קאַזאַנער קאַטעדראַל־קירך. איבעריגנס, ס׳איז דאָס זעלבע בעטן, אין וואסער קירך עס זאָל נישט זיין. אין יענער איז נאָר די באַפּוצונג אַ בעסערע. *זיי שווייגן. פּאָדקאָלעסין קלאַפּט־צו מיט די פֿינגער איבערן טיש* ס׳וועט שוין אין־גיכן פֿאָרקומען די יעקאַטערינענהאָפֿער פֿאַרווײַלונג.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

יאָ, אין א חודש אַרום, דוכט זיך.

פּאָדקאָלעסין

אפֿילו שוין קיין חודש נישטאָ.

גאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

אַ פּנים, ס׳וועט זיין אַ פריילעכע פאַרווייליגג.

פּאָדקאָלעסין

היינט איז דער אַכטער. רעכנט אויף די פינגער נײַנטער צענטער, עלפטער... אין צוויי־און־צוואַנציק טעג אַרום.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

זעט נאָר, ווי שנעל!

פּאָדקאָלעסין

היינטיקן טאָג אפילו רעכן איך נישט. א שווייגן ווי דרייסט ס׳איז דאָס רוסיש פאָלק!

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

וואָס זאָגט איר?

פּאָדקאָלעסין

כ׳מיין די אַרבעטער. אויפ׳ן סאַמע שפּיץ שטייען זיי... כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען פאַר אַ הויז, האָט זיך דער שטוקאַטור־מאַכער געמאַכט די שטוקאַטורן און האָט גאָר קיין מורא נישט געהאַט.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

אַזוי. ווו איז עס געווען?

פּאָדקאָלעסין

כ׳גיי דאָרט אַלע טאָג פאַרביי, גייענדיק צום דעפּאַרטאַמענט. יעדן פרימאָרגן גיי איך דאָך אויף מיין שטעלע.

א שווייגן. פּאָדקאָלעסין הייבט ווידער אָן צו קלאַפּן מיט די פינגער אין־בערן טיש. לסוף נעמט ער זיך פאַרן הוט און פאַרנייגט זיך.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

וואָס, איר קלייבט זיך שוין?...

פּאָדקאָלעסין

יאָ. אַנטשולדיקט, וואָס כ׳האָב אייך, קאָן זיין, געלאַנגווייליקט.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

וואָס פאַלט אייך גאָר איין! פאַרקערט, איך דאַרף אייך גאָר דאַנקען פאַר אַזאַ צייט־פאַרטרייב.

פ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

שמייכלענדיק

און מיר דוכט זיך גאָר אויס, אין דער אמתן, אַז כ'האָב געלאַנגווייליקט.

אַ ג אַ ט אַ  ט י כ אָ נ אָ וו נ אַ

אַך, ניין, זיכער ניין!

פ אָ ד ק אָ ל ע ס י ן

נו, אויב אַז נישט, טאָ דערלויבט מיר אויך אַריינקומען אַן אַנדערש מאָל, ווען עס איז אין אָוונט...

אַ ג אַ ט אַ  ט י כ אָ נ אָ וו נ אַ

זייער אַנגענעם. פאַרנייגט זיך. פּאָדקאָלעסין גייט אַרויס.

## פופצענטע סצענע.

### אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ אַליין

ס'אַראַ וויכטיקער מענטש דאָס איז! כ'האָב אים ערשט איצט גוט דערקענט. אין דער אמתן, מ'קאָן נישט נישט ליב האָבן: אי אַ באַשיידענער, אי אַ פאַרשטענדיקער. יאָ, זיין פריינט האָט טאַקי גערעדט אמתע ווערטער; אַ שאָד נאָר, וואָס ער איז אַזוי שנעל אַוועקגעגאַנגען, כ'וואָלט אים נאָך געוואָלט הערן ריידנדיק. ס'איז אַ מחיה מיט אים צו ריידן! און דער עיקר איז גוט דאָס, וואָס ער פלוידערט נישט סתם אין דער וועלט אַריין. כ'האָב אים אויך געהאַט געוואָלט זאָגן אַ צוויי ווערטער, אָבער, כ'בין זיך מודה, כ'האָב עפּעס נישט געוואַגט, דאָס האַרץ האָט אָנגעהייבן צו קלאַפּן... ס'אַראַ זעלטענער מענטש! כ'וועל גיין דערציילן דער מומעניו... גייט

## זעכצענטע סצענע.

פּאָדקאָלעסין און קאָטשקאַרעוו קומען אַריין.

קאָטשקאַרעוו

פֿאַרוואָס עפּעס אַ היים גיין? ס׳אַרא טפשות! נאָך וואָס עפּעס אַ היים?

פּאָדקאָלעסין

וואָס וועל איך דאָ בלייבן? איך האָב דאָך שוין אַלץ געזאָגט, וואָס מען דאַרף.

קאָטשקאַרעוו

הייסט עס, אַז דו האָסט איר שוין אַנטפּלעקט דאָס הארץ?

פּאָדקאָלעסין

נו, דאָס נאָר דערווייל נאָך נישט.

קאָטשקאַרעוו

נאַ דיר א היסטאָריע! פֿארוואָס האָסטו זיך נישט ערקלערט?

פּאָדקאָלעסין

וואָס ווילסטו, נישט ריידנדיק פֿריִער וועגן קיין זאַך נישט, זאָל איך פּלוצלונגטהאַלבן אַראָפּפּאַלן פֿון בוידעם: „פֿריילין, כ׳וויל מיט אייך חתונה האָבן!"

קאָטשקאַרעוו

עך, טאָ וועגן וואָס האָט איר גערעדט, וועגן וועלכע נאַרישקייטן האָט איר געשמועסט געשלאָגענע אַנדערטהאַלבן שעה אויפֿן זייגער?

פּאָדקאָלעסין

מיר האָבן פֿאַר דער צייט איבערגערעדט וועגן אַלצדיִנג, און, כ׳בין זיך מודה, כ׳בין זייער צופֿרידן: מיט גרויס הנאה האָב איך די צייט פֿאַרבראַכט.

קאָטשקאַרעוו

אָבער כ׳בעט דיך, זאָג אַליין: ווען וועלן מיר אַלץ באַווייזן? אין אַ שעה אַרום מוז מען דאָך שוין פֿאָרן אין קירך אונטער דער חופּה?

פּאָדקאָלעסין

ביסט משוגע געוואָרן? הייַנט אונטער דער חופּה!...

קאָטשקאַרעוו

פֿאַרוואָס זשע נישט?

פּאָדקאָלעסין

הײַנט אונטער דער חופּה?

קאָטשקאַרעוו

דו האָסט דאָך אַליין געגעבן אַ וואָרט, האָסט דאָך געזאָגט, אַז ווי נאָר די חתנים וועלן דורכגעטריבן ווערן, ביסטו גלײַך גרייט חתונה צו האָבן.

פּאָדקאָלעסין

נו, כ'בין איצט אויך נישט ווייט פֿון מײַן וואָרט, אָבער נישט גלײַך זשע; ווייניקסטנס אַ חודש דאַרף מען לאָזן אָפּרוען.

קאָטשקאַרעוו

אַ חודש!

פּאָדקאָלעסין

נו, אודאי.

קאָטשקאַרעוו

ביסט פֿון זינען אַראָפּ, צי וואָס?

פּאָדקאָלעסין

ווייניקער ווי אַ חודש קאָן מען נישט.

קאָטשקאַרעוו

איך האָב דאָך באַשטעלט ביים אָפּיציאַנט אָוונט-ברויט, שטיק האָלץ דו! נו, פֿאָלג מיך, איוואַן קוזמיטש, עקשן זיך נישט איין, נחת מײַנער, האָב חתונה איצט.

פּאָדקאָלעסין

וואָס רעדסטו, ברודער? ווי קאָן מען עס איצט?

קאָטשקאַרעוו

איוואַן קוזמיטש! נו, איך בעט דיך. אויב דו ווילסט נישט פֿאַר זיך, ווייניקסטנס טו עס פֿאַר מיר.

פּאָדקאָלעסין

אָבער, כ'לעבן, כ'קאָן נישט.

קאָטשקאַרעוו

מען קאָן, מיין ליִבער, אַלץ קאָן מען, נו, איִך בעט דיִך,
ווייז נישט קיין קאַפריִזן, נשמה מיינע!

פּאָדקאָלעסיִן

ניין, ניין! עפּעס אומבאַקוועם, לחלוטין אומבאַקוועם!

קאָטשקאַרעוו

וואָס הייסט אומבאַקוועם? ווער האָט עס דיִר געזאָגט?
זאָג אַליין, ביִסט דאָך אַ קלוגער מענטש; איִך זאָג דיִר
עס נישט צוליִב דעם, כדי זיִך אונטערצוליעקן צו דיִר,
נישט דערפֿאַר, ווייל דו ביסט אַן עקספּעדיטאָר, נאָר
כ׳רייד עס פּשוט פֿון ליבע... נו, גענוג שוין, טייערער,
באַשליס זיך, קוק מיט אַן אויג פֿון אַ קלוגן מענטשן.

פּאָדקאָלעסיִן

אויב ס׳וואָלט מעגלעך געווען, וואָלט איך...

קאָטשקאַרעוו

איוואַן קוזמיטש! אוצרל, ליבינקער! נו, אויב דו ווילסט,
וועל איך פֿאַר דיר פֿאַלן אויף די קני.

פּאָדקאָלעסיִן

צו וואָס?..

קאָטשקאַרעוו

שטעלנדיִק זיִך אויף דיִ קניִ

אָט פֿאַל איִך אויף די קני! נו, דו זעסט אַליין, כ׳בעט
דיך! דאָס גאַנצע לעבן וועל איך נישט פֿאַרגעסן דיין
טובה. עקשן זיך נישט איין, נשמהלע!

פּאָדקאָלעסיִן

אַז איך קאָן נישט, ברודער, אויף אַן אמת, איך קאָן
נישט.

קאָטשקאַרעוו

ביִיז אויפשטייענדיק

דבר=אחר!

פּאָדקאָלעסיִן

ביטע, קענסט זיך זידלען.

קאָטשקאַרעוו

אַ נאַרישער מענטש! ס'איז נאָך אַזעלכער קיינמאָל נישט געוועז.

פּאָדקאָלעסין

זידל זיך, זידל זיך.

קאָטשקאַרעוו

פאַר וועמען האָב איך זיך באַמיט, זיך פאַרדרייט דעם קאָפּ? אַלץ פאַר דיין נוצן, שוטה איינער. וואָרום וואָס גייט עס מיר אָן? כ'וועל דיך באַלד אַוועקוואַרפן, וואָס איז מיין עסק?

פּאָדקאָלעסין

ווער האָט דיך געבעטן צו זאָרגן פאַר מיר? ביטע, וואַרף אַוועק.

קאָטשקאַרעוו

וועסט דאָך פאַרפאַלן ווערן, וועסט אָן מיר גאָר נישט טאָן. ווען מ'זאָל דיך נישט חתונה־מאַכן, וועסטו דאָס גאַנצע לעבן בלייבן אַ נאַר.

פּאָדקאָלעסין

וואָס אַרט עס דיך?

קאָטשקאַרעוו

וועגן דיר זאָרג איך עס, הילצערנער מח.

פּאָדקאָלעסין

איך וויל נישט דו זאָלסט זיך באַמיען.

קאָטשקאַרעוו

טאָ גיי זשע דיר צום טייוול!

פּאָדקאָלעסין

נו, וועל איך גיין.

קאָטשקאַרעוו

דאָרט איז טאַקי דיין וועג.

פּאָדקאָלעסין

מילא, וועל איך גיין.

**קאָטשקאַרעוו**

גיי, גיי, און ברעך אַ פוס. איך ווינטש דיר פון גאַנצן האַרצן, אַז אַ שכורער פורמאַן זאָל דיך אַריינפאָרן מיטן דישעל גלייך אין גרגרת אריין! אַ שמאַטע בינסט, נישט קיין באַאַמטער! איך שווער דיר, אַז איצט איז צווישן אונז אַלץ געענדיקט. ווייז זיך מיר מער נישט פאַר די אויגן.

**פּאָדקאָלעסין**

כ׳וועל זיך טאַקי נישט ווייזן. אָפּ.

**קאָטשקאַרעוו**

צום טייוול, צו דיין אַלטן חבר! עפנענדיק די טיר שרייט ער אים נאָך אייזל!

## זיבעצנטע סצענע.

**קאָטשקאַרעוו** אליין. גייט אויפגערעגט הין און צוריק

נו, איז שוין אַמאָל געזען געוואָרן אויף דער וועלט נאָך אַזאַ מענטש? ס׳אַראַ לעקיש אַ ביסל! אָבער אויב זאָגן דעם אמת, האָב איך אויך דאָ אַ פיינעם פנים. זאָגט מיר, איך בעט אייך, כ׳פאַרלאָז זיך אויף אייך: בין איך נישט קיין בטלן, קיין שוטה? פאַר וועמען בין איך זיך מוסר נפש, און שריי, אַוש אין האַלז איז מיר טרוקן געוואָרן? זאָגט מיר, וואָס איז ער מיינס? אַ גואל? און וואָס בין איך זיינס: אַן אַם, אַ מומע, אַ שוויגער, אַ צוטשעפעניש, צי וואָס? צו וועלכע שוואַרצע יאָר! פאַר־וואָס און פאַר־ווען לייג איך איין פאַר אים וועלטן, גיב זיך קיין רו נישט? דאָס שוואַרץ יאָר האָט אים געמעגט צונעמען! דער טייוול ווייסט, וואָס איך טומל זיך דאָ מיט אים. גיי פרעג אַ מאָל אַ מענטשן צוליב וואָס טוט ער דאָס אָדער יענץ!.. ס׳אַראַ מנוול דאָס איז! ס׳אַראַ עקלהאַפטע, נידערטרעכטיקע צורה! כ׳וואָלט דיך גענומען,

באַרישע בהמה דו, און געשנעלט אין נאָז, אין די אויערן, אין מויל, אין די ציין — אומעטום. אין צאָרן גיט ער שטלעכע שנעלן אין דער לופטן אָט וואָס ס'איז פאַרדראָסיק: איז זיך אַרויסגעגאַנגען און — עס אַרט אים ווי די וואַנט! ער טרייסלט זיך אָפּ, ווי אַ גאַנז פון וואַסער — אָט דאָס רעגט מיך אויף! ער וועט זיך אַוועקגיין צו זיך אויף דער קוואַרטיר, וועט זיך ליגן און זויגן די לולקע. ס'אַראַ עקלהאַפטער נפש! עס זיינען פאַראַן מאוסע נפשות, אָבער אַזעלכן וועסטו נישט אויסטראַכטן; וועסט נישט פאַרפאַסן נאָך אַזאַ צורה, כ'לעבן, וועסט נישט אויסקלערן. אָבער אַזוי וועט עס נישט אָפּגיין, כ'וועל אים נישט לאָזן זיך אַרויסדרייען, כ'וועל גיין ברענגען דעם ליידאַק!

## אכטצענטע סצענע.

### אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ קומט אַריין

דאָס האַרץ קלאַפּט עפּעס אַזוי שטאַרק, אַז ס'איז שווער אַרויסצוגעבן. אומעטום, ווו איך זאָל זיך נישט קערן, אַזוי שטייט ער פאַר מיר, איוואַן קוזמיטש. טאַקי אמת, אַז פון מזל קאָן מען בשום אופן נישט אַנטלויפן. דאָ ערשט האָב איך אינגאַנצן געוואָלט קלערן וועגן עפּעס אַנדערש, אָבער מיט וואָס כ'זאָל זיך נישט פאַרנעמען,— כ'האָב געפּרוווט וויקלען פאָדים, נייען אַ רידיקיול,— און איוואַן קוזמיטש קריכט אַלץ אין האַנט אַריין. שווייגנדיק אַ ווייל און אַזוי וואַרט אויף מיר לסוף אַן ענדערונג! מ'וועט מיך נעמען און פירן אין קירך... נאָכדעם וועט מען מיך איבערלאָזן אַליין מיט אַ מאַנסביל — אָך! אַ ציטער נעמט מיך דורך. אַדיע, מיין פריערדיק מיידלש לעבן! ווייניק וויפיל יאָר האָב איך עס פאַרבראַכט אין רויקייט... כ'האָב געלעבט, געלעבט און איצט קומט אויס חתונה צו האָבן! וויפיל דאגות, וויפיל זאָרגן: קינדער,

יִנגלעך, ס׳איִז אַ טומלדיִקער עולם, און דערצו מיידלעך, זיי וועלן אונטערוואַקסן — און מאַך זיי חתונה. גוט, אויב זיי וועלן חתונה האָבן מיִט לייטיִשע חתנים, ווי איז אָבער, אַז זיי וועלן אַריינפאַלן צו שכורים, אָדער צו אַזעלכע, וואָס קאָנען די לעצטע העמד אין קאָרטן פאַרשפּילן! הייבט ביִסלעכווייז וויִדער אָן צו וויינען ס׳איז מיִר אַפילו נישט געלונגען זיִך צו פרייען מיִט מיין מיידלשן צושטאַנד, אַפילי זיבן-און-צוואַנציק יאָר איז מיִר נישט אויס-געקומען צו זיין מיידל... בייסנדיִק די שפיִם וואָס זאַמט זיִך אַזוי לאַנג איוואַן קוזמיִטש?

## ניינצענטע סצענע.

אַגאַטאַ טיִכאָנאָוונאַ און פּאָדקאָלעסין שפּאַרט זיִך אַרויס אויף דער סצענע פון טיִר דורך קאָשקאַרעוום ביידע הענט

פּאָדקאָלעסין

שטאַמלענדיק

כ׳ביִן אייך, פריילין, געקומען דערקלערן איין זאַך נאָר... אָבער כ׳וואָלט געוואָלט פריִער וויִסן, צי וועט עס אייך ניִשט אויסזען משונהדיִק?

אַגאַטאַ טיִכאָנאָוונאַ

טראָפּלאָזנדיִק די אויגן

וואָס אַזעלכעס?

פּאָדקאָלעסין

ניין, פריילין, זאָגט מיִר פריִער: וועט עס אייך ניִשט אויסזען משונהדיִק?

אַגאַטאַ טיִכאָנאָוונאַ

הייטער אַזוי

כ׳קאָן נישט וויִסן, וואָס אַזעלכעס.

פּאָדקאָלעסין

אָבער זייט זיך מודה: אמת, אייך וועט זיִך אויסווייזן משונהדיִק דאָס, וואָס איך וועל אייך זאָגן?

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

וואָס רעדט איר, ווי איז עס מעגלעך, עס זאָל זיין
משוגעהדיק. פֿון אייך איז אַלץ אנגענעם צו הערן.

פּאָדקאָליעסין

אָבער דאָס האָט איר נאָך קיינמאָל נישט געהערט *אגאטאַ*
*טיכאָנאָוונאַ לאָזט נאָך מער אַראָפּ די אויגן; אין דער צייט גייט קאָטש־*
*קאַרעוו שטיל אַריין און שטעלט זיך אים הינטערן פּלייצע* די זאַך
גייט אין דעם.. אָבער כ'וועל אייך בעסער זאָגן ווען
עס איז שפּעטער.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

אָבער וואָס איז עס אַזוינס?

פּאָדקאָליעסין

ס'איז... כ'האָב געהאַט געוואָלט אייך איצט צו וויסן טאָן,
אָבער כ'צווייפֿל נאָך עפּעס אַלץ.

קאָטשקאַרעוו

*צו זיך, פֿאַרלייגנדיק די הענט*

גאָט מיין אייבערשטער, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿאַרשוין!
ס'איז אַן אמתער ווייבערשער פּאַנטאָפֿל און נישט קיין
מענטש, אַ חוזק פֿון אַ מענטשן, אַ סאַטירע אויף אַ
מענטש!

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

פֿאַרוואָס צווייפֿלט איר?

פּאָדקאָליעסין

עס גנבעט זיך עפּעס אַ ספֿק.

קאָטשקאַרעוו

*אין הויכן קול*

ווי נאַריש דאָס איז, ווי נאַריש! איר זעט דאָך פֿרייליין:
ער בעט אייער האַנט, ער וויל דערקלערן, אַז ער קאָן
אָן אייך נישט לעבן, עקזיסטירן. ער פֿרעגט נאָר, צי
זייט איר גרייט אים צו באַגליקן?

פּאָדקאָליעסין

*גאַנץ דערשראָקן שטויסט אים, שנעל אַרויסרעדנדיק*

וואָס טוט זיך מיט דיר? וואָס רעדסטו?

**קאָטשקאַרעוו**

נו, וואָס, פרייליין, באַשליסט איר זיך צו פאַרשאַפן גליק דעמדאָזיקן שטערבלעכן?

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

איך וואַג נישט צו קלערן, אַז איך זאָל קאָנען פאַרשאַפן גליק... איבעריגנס, כ׳בין גרייט.

**קאָטשקאַרעוו**

נאַטירלעך, נאַטירלעך! ס׳וואָלט שוין לאַנג צייט געווען! גיט אייערע הענט!

**פּאָדקאָלעסין**

*באַלד. וויל אים עפּעס זאָגן אויפן אויער, קאָטשקאַרעוו ווייזט אים די פויסט און דראָעט מיט בליקן; ער גיט די האַנט.*

**קאָטשקאַרעוו**

*פאַראייניקנדיק די הענט*

נו, גאָט זאָל אייך בענטשן! איך בין מסכים, ס׳איז אַן אמת־גוטער זיווג. חתונה־האָבן — דאָס איז אַזאַ מין זאַך... דאָס איז נישט דאָס, וואָס נעמען אַ דראָזשקע און אוועקפאָרן ערגעץ ווו; דאָס איז אַן אַנדער מין פליכט, דאָס איז אַ פליכט... איצט האָב איך נאָר קיין צייט נישט, אָבער שפּעטער וועל איך דיר דערציילן, וואָס דאָס איז פאַר אַ פליכט. נו, איוואַן קוזמיטש, גיב אַ קוש די כלה דיינע, דו מעגסט עס איצט טאָן, דו מוזט עס איצט טאָן *אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ לאָזט אַראָפּ די אויגן* נישקשה, נישקשה, פרייליין. אַזוי דאַרף מען; זאָל ער אַ קוש טאָן!

**פּאָדקאָלעסין**

נו, פרייליין, דערלויבט, איצט דערלויבט *קושט זי און נעמט זי פאַר דער האַנט* ס׳אַראַ פּראַכטפולע הענטל! פאַרוואָס האָט איר, פרייליין, אַזאַ שיין הענטל? פאָלגט מיך, פרייליין, כ׳וויל, אַז שוין זאָל זיין די חופּה. אומבאַדינגט שוין.

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

וואָס הייסט שוין? דאָס איז אפשר צו שנעל.

פּאָדקאָלעסין
כ'וויל אַפּילו נישט הערן! כ'וויל אַפּילו, די מינוט זאָל זיין די חופּה!

קאָטשקאַרעוו
בראַוואָ! גוט! אַ פיינער מאַן! כ'בין זיך מודה, כ'האָב שטענדיק פון דיר אַ סך דערוואַרט אין דער צוקונפט. איר, פריילין, איילט זיך אין אמתן צו אביסל און טוט זיך אָן: איך האָב, דעם אמת זאָגנדיק, געשיקט נאָך דער קאַרעטע און פאַרבעטן געסט; זיי זיינען אַלע אַוועקגעפאָרן גלייך אין קירך. דאָס חופּה-קלייד, ווייס איך, האָט ביי אייך פאַרטיק.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ
אַודאי, שוין לאַנג פאַרטיק. כוועל אין איין רגעלע זיך אָנטאָן.

## צוואַנציקסטע סצענע.

### קאָטשקאַרעוו, פּאָדקאָלעסין.

פּאָדקאָלעסין
נו, ברודער, אַ דאַנק דיר! איצט זע איך דיין גאַנצע טובה. אַן אייגענער פאָטער וואָלט פאַר מיר נישט געטאָן דאָס, וואָס דו. איך זע, אַז דו האָסט געטאָן פון פריינטשאַפט וועגן. אַ דאַנק, ברודער, כ'וועל אייביק די טובה נישט פאַרגעסן. גערירט דעם קומענדיקן פרילינג וועל איך אומבאַדינקט באַזוכן דיין פאָטערס קבר.

קאָטשקאַרעוו
נישקשה, ברודער, כבין אַליין צופרידן. קום נאָר אַהער, כ'וועל דיך אַ קוש טאָן. קישט אין איין באַק און נאָכדעם אין דער אַנדערער גאָט זאָל געבן, אַז דו זאָלסט לעבן אין נחת. קישן זיך אין ווילטאָג און מזל-ברכה; איר זאָלט דערלעבן אַ קופּע קינדער...

פאָדקאָלעסין

כ'דאַנק דיר, ברודער! איצט טאַקי האָב איך לסוף זיך דערוווסט, וואָס עס איז אַזוינס לעבן; איצט האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ גאַנץ נייע וועלט, איצט זע איך, אַז אַלץ באַוועגט זיך, לעבט, פילט, ווי עס קאָכט זיך אַלץ און ווי אַזוי, דו ווייסט אַליין נישט, וואָס עס טוט זיך, און פריער האָב איך דאָס אַלץ נישט געזען, נישט פאַרשטאַנען, ס'הייסט כ'בין געווען אַ מענטש אָן עם-הארץ, האָב נישט אַריינגעקלערט, זיך נישט פאַרטיפט און געלעבט, ווי עס לעבט זיך אַ יעדער איינער.

קאָטשקאַרעוו

ס'טוט מיר הנאה! איצט וועל איך גיין אַ קוק טאָן, ווי אַזוי מען האָט געדעקט דעם טיש: אין אַ מינוט קער איך זיך ווידער אום (אָן אַ זייט) פונדעסטוועגן שאַדט נישט אויף יעדן פאַל צו באַהאַלטן זיין הוט. (נעמט און טראָגט אַוועק מיט זיך דעם הוט)

# איין-און-צוואַנציקסטע סצענע.

פאָדקאָלעסין (אַליין)

אין דער אמתן, וואָס בין איך געווען ביז איצט? האָב איך דען פאַרשטאַנען די באַטייטונג פון לעבן? כ'האָב נישט פאַרשטאַנען, כ'האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען. וואָס פאַר אַ פנים האָט געהאַט מיין באַוריש לעבן? וואָס פאַר אַ ווערט האָב איך געהאַט? וואָס האָב איך אויפגעטאָן? געלעבט, געלעבט, געדינט, געגאַנגען אין דעפּאַרטאַמענט, געגעסן מיטאָג, געשלאָפן — מיט איין וואָרט, געווען אויף דער וועלט אַ סאַמע פּוסטער, געוויינטלעכער בשר ודם. נאָר איצט, זעסטו, ווי נאַריש זיינען די אַלע, וואָס האָבן נישט חתונה; וואָרום אַז מ'זאָל אַ קוק טאָן — ס'אַראַ מיינגע מענטשן געפינען זיך אין אַזאַ בלינדקייט! ווען איך וואָלט געווען ערגעץ-ווו אַ קייסער, וואָלט איך

גרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע מוזן חתונה=האָבן, לחלוטין
אַלע, כדי אין מיין מדינה זאָל קיין איינציקער בחור
נישט זיין. באמת, אַז דו טוסט נאָר אַ קלער: אין עט=
לעכע מינוט אַרום — און דו ביסט שוין אַ באווייבטער!
פלוצלונג געניסטו דעם תענוג, וועלכער איז נאָר פאַראַן
אין מעשהלעך, וועלכן מען קאָן אַפילו נישט אויסדריקן,
און ווערסט אַפילו קיין ווערטער נישט געפינען צום
אויסדריקן. נאָך אַ געוויסן שווייגן פונדעסטוועגן, וואָס דו
זאָלסט נישט זאָגן, ווערט עפעס שרעקלעך, אַז דו ווערסט
גוט וועגן דעם אַ טראַכט טאָן. אויף דאָס גאַנצע לעבן,
אויף די גאַנצע יאָרן, ווי עס זאָל נישט זיין, זיך פאַר-
בינדן, און שפעטער קאָן שוין נישט זיין קיין אָפּטשע=
פעניש, קיין חרטה, גאָרנישט -- אַלץ געענ=
דיקט, אַלץ אָפּגעמאַכט, שוין איצט אַפילו קאָן מען שוין
צוריק נישט ציען: נאָך אַ מינוט — און אונטער דער חופה.
מ׳קאָן אַפילו נישט אַוועקגיין — דאָרט שטייט שוין די
קאַרעטע און אַלץ איז שוין גרייט... איז טאַקי אוממעג=
לעך אין דער אמתן אַוועקצוגיין? וואָס הייסט, פאַרשטייט
זיך, מ׳קאָן נישט: ביי דער טיר און אומעטום שטייען
מענטשן; וועט מען פרעגן: נאָך וואָס? מ׳קאָן נישט, ניין!
אַך אָט איז אָפן דאָס פענסטער; ווי איז, אַז דורכן
פענסטער? ניין, מ׳קאָן נישט; ווי קומט עס, עס פאַסט
נישט און ס׳איז הויך גייט אונטער צום פענסטער. נו, ס׳איז
נאָך נישט אַזוי הויך, נאָר איין שטאָק און דאָס אַ נידע=
ריקער. נו, ניין, ווי אַזוי, כ׳האָב אפילו נישט דעם הוט
מיט זיך. ווי קאָן מען אָן אַ הוט? נישט באַקוועם! און
צי דען קאָן מען טאַקי נישט אָן דעם הוט? אפשר
אַ פרווו טאָן? האַ? אַ פרווו טאָן, צי וואָס? שטעלט זיך אויפן
פענסטער און זאָגנדיק: „גאָט, בענטש!” שפרינגט ער אַראָפּ אויף
די גאַס; הינטער דער האַנט קרעכצט ער און זיפצט אַך, פונדעסט=
וועגן איז עס נישקשהדיק הויך, עי, איזוואָזשטשיק!

דעם פורמאַנס קול
צו־פאָרן, צי וואָס?

באָדקאָלעסינס קול
אויף קאַנאַוועקע נעבן סעמיאַנאָווער ברי...

דעם פורמאַנס קול
אַ גריוועניק.

באָדקאָלעסינס קול
לאָמיר פאָרן! עס הערט זיך אַ קלאַפּן פון אַן אָפּפאָרנדיקער דראָשקע

## צוויי־און־צוואַנציקסטע סצענע.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ קומט אַריין אין חופּה־קלייד, גישט דרייסט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ

כ׳ווייס אַליין נישט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר. ווידער שעם איך זיך עפּעס. כ׳ציטער אינגאַנצן. אַך, ווען ער וואָלט כאָטש אויף איין מינוט גישט געווען דאָ איצט אין צימער, ווען ער וואָלט נאָך עפּעס ארויס! קוקט זיך אַרום גישט דרייסט ווו איז ער עס? קיינער גישטאָ. וווהין איז ער עס אַרויסגעגאַנגען עפנט די טיר אין פאָדער־צימער און רעדט אַרויס טעקלאַ, וווהין איז אַוועק קוזמיטש אַוועק?

טעקלאַס קול
ער איז דאָך דאָרט.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ
ווו דאָרט?

טעקלאַ
אַריינגייענדיק
ער איז דאָך געזעסן דאָ אין צימער.

אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ
ער איז דאָך גישטאָ, זעסט דאָך.

טעקלאַ

אָבער פון צימער איז ער אויך ניִשט אַרויס. כ׳בין גע־זעסן אין פאָדער־צימער.

אגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

טאָ ווו קאָן ער זיין?

טעקלאַ

כ׳זוייס שוין אַליין נישט ווו. איז ער נישט אַרויס דורך דעם אַנדער אַרויסגאַנג, דורך די קיך, אָדער זיצט ער נישט אַמאָל אין אַרינאַ פאַנטעלייִמאָנאָוונאַס צימער?

אגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

מומעניו, מומעניו!

## דריי־און־צוואַנציקסטע סצענע.

דיזעלבע און אַרינאַ פאַנטעלייִמאָנאָוונאַ.

אַרינאַ פאַנטעלייִמאָנאָוונאַ

(אויסגעטאָגענע)

וואָס איז געשען?

אגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

איוואַן קוזמיטש איז ביי אייך?

אַרינאַ פאַנטעלייִמאָנאָוונאַ

ניין, ער דאַרף דאָ זיין; צו מיר איז ער נישט אַריין.

טעקלאַ

אין פאָדער־הויז איז ער אויך ניִשט געווען. כ׳בין דאָך דאָרט געזעסן.

אגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ

ער איז דאָך דאָ אויך ניִשטאָ. איר זעט דאָך.

# פיר-און צוואַנציקסטע סצענע.

## דיוועלבע און קאַטשקאַרעוו.

**קאַטשקאַרעוו**

וואָס פאַר אַ מעשה?

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

איוואַן קוזמיטש איז נישטאָ.

**קאַטשקאַרעוו**

וואָס הייסט נישטאָ, ער איז אַוועקגעגאַנגען?

**אַגאַטאַ טיכאָנאָוונאַ**

ניין, ער איז אַפילו נישט אַוועקגעגאַנגען.

**קאַטשקאַרעוו**

ווי אַזוי, ער איז נישטאָ און איז נישט אַוועקגעגאַנגען?

**טעקלאַ**

וווּ ער האָט זיך געקאָנט אַהינטאָן — דאָס באַנעם איך גאָרנישט. איך פאָדער-צימער בין איך די גאַנצע צייט געזעסן און זיך פון אָרט נישט גערירט.

**אַרינאַ פּאַנטעלייִמאָנאָוונאַ**

דורך די קיך האָט ער בשום אופן נישט געקאָנט גיין.

**קאַטשקאַרעוו**

וואָס טוט זיך דאָ, צום טייוול! פאַרפאַלן ווערן, נישט אַרויסגייענדיק פון צימער, האָט ער דאָך פאָרט נישט געקענט. האָט ער זיך נישט אַמאָל באַהאַלטן? איוואַן קוזמיטש! ווו ביסטו? מאַך זיך נישט נאַריש! קריך אַרויס שנעלער! וואָס איז עס פאַר אַ שפּאַס? שוין צייט אין קירך צו פאָרן. פאַרקיקט הינטערן שאַנק, האָט קרום אַ בליק אַפילו אונטער די שטולן אומפאַרשטענדלעך! נאָר ניין, ער האָט נישט געקאָנט אַוועקגיין, בשום אופן נישט. ער איז דאָ, אין יענעם צימער און דער הוט — כ'האָב אים בכיוון דאָרט אַריינגעלייגט.

**אַרינאַ פּאַנטעלייִמאָנאָוונאַ**

אפשר אַ פרעג טאָן דאָס מיידל? זי איז די גאַנצע צייט

געשטאַנען אויף דער גאַס, ווייסט זי נישט אַמאָל עפּעס?...
דוניאַשקאַ! דוניאַשקאַ!

## פינף-און-צוואַנציקסטע סצענע.

### דיזעלבע און דוניאַשקאַ.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָווגאַ

ווו איז איוואַן קוזמיטש, האָסט נישט געזען?

דוניאַשקאַ

זיי זיינען דאָך אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענסטער אגאַפיאַ טיכאָנאָווגאַ טוט אַ געשריי, אַ פּאַטש טוענדיק מיט די הענט

אַלע דריי

דורכן פענסטער?

דוניאַשקאַ

יאָ, יאָ, און נאָכדעם, אַז זיי זיינען אַרויסגעשפּרונגען, האָבן זיי גענומען אַ דראָשקע און אַוועקגעפאָרן.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָווגאַ

אָבער רעדסטו אמת?

קאָטשקאַרעוו

זאָגסט ליגן, ס'קאָן נישט זיין!

דוניאַשקאַ

איך שווער ביי גאָט, זיי זיינען אַרויסגעשפּרונגען! אָט דער קרעמער פון געוועלבל האָט אויך געזען. זיי זיינען מושווה געוואָרן מיטן איזוואָזשטשיק אַ גריווענ‎יק און אַוועקגעפאָרן.

אַרינאַ פּאַנטעלײמאָנאָווגאַ

צוגייענדיק צו קאָטשקאַרעוון

כ'בעט אייך, יונגערמאַן, וואָס פאַר אַ קאַטאָוועס טרייבט מען דאָ? הוזק מאַכן פון אונז האָט זיך אייך פאַרגלוסט? צו שאַנד און שפּאָט ווילט איר אונז מאַכן? כ'לעב שוין ב"ה דעם זעקסטן צענדליק און אַזאַ חרפּה נאָך נישט דערלעבט. כ'וועל אייך, יונגערמאַן, דערפאַר אָנשפּייען

אַ פּוּלע צורה, אויב איר זייט אַן ערלעכער מאַן. נאָך אַזאַ עובדא זייט איר אַ געמיינער יונג, אויב איר זייט אַן ערלעכער מאַן. מבייש זיין פאַר דער גאַנצער וועלט אַ מיידל! איך בין אַ פּויערטע און וועל דאָס ניט טאָן און נאַ דיר גאָר אַ דוואָריאַנין! קענטיק, נאָר אויף געמיינע שפּיצלעך און שווינדלעריי קלעקט אייך אייער יחוס!

גייט אַרויס אויפגערעגט און פירט אַרויס די כלה, קאַטשקאַרעוו שטייט ווי צומישט

**טעקלאַ**

נו? און דאָס איז עס דער העלד, וואָס ווייסט ווי צו־פירן אַן עסק! אָן אַ שדכנטע קאָן ער אויספירן א שידוך! איך מעג טאַקע האָבן כלערליי חתנים, ארומגעריסענע־אַרומגעשליסענע, אָבער אַזעלכע, וואָס זאָלן שפּרינגען דורכן פענסטער, האָב איך גאָרנישט, מעגט איר מיר שוין גלויבן.

**קאָטשקאַרעוו**

דאָס איז אַ עטוּתעריי, דאָס איז נאָך ניט אַזוי; כ'וועל אַ לויף־טאָן צו אים, כ'וועל אים אומקערן גייט אַוועק

**טעקלאַ**

גיי, גיי, קער אים צוריק! ווייסט אפנים ניט פון דיין קאָפּ ווי ביי אַ שידוך קומט פאָר. ווען ער וואָלט נאָך דורך די טיר געלאָפן — איז אַן אַנדער זאַך, אָבער אַז דער חתן האָט אַרויסגעטאַנצט דורכן פענסטער — דאָ איז שוין — אַ נעכטיקער טאָג!

פאָרהאַנג

